# ב. דיזראַעלי

# דוד אלראי

באַרבעט דורך פ. האַלפּערן.

---

פערקויף געז. „צענטראַל" װאַרשאַ

Printed in Poland.

# I

די טרומייטן האָבן פאַרהילכט די לופט מיטן לעצטן אַקאָרד, בשעת דער ריש־גלותא (עקזילאַרך) איז אַראָפּגעשטיגן פון זיין שניייווייסן מוילאייזל. די סוויטע האָט אים באַגריסט מיט פרייילעכע אויסגעשרייען, גלייך ווי ישראל וואָלט פון ס׳ניי געווען אַ זעלבשטענדיק הערשעריש פאָלק. און ווען נישט די שפּאָטישע שמייכלען אויף די געזיכטער פון די דערבייאיקע מוסולמענער, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז עפּיס אַ טאָג פון אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב, און נישט דער טאָג, ווען מ׳טראָגט אַריין דעם מס אין דעם אוצר פון קאַליף.

—סאיז נאָך ניט אויס מיט דער אַמאָליקער גדולה פון פאָלק ישראל!— האָט דער אַלטער בוסתנאי אויסגעשריען, ווען ער איז אַריין אין זאַל פון זיין פּאַלאַץ.—זע נאָר, מיין געטרייער כלב, זיי די טרומייטערער מכבד מיט אַ גוטן מיטאָג, וואָרום זיי האָבן קיין כוחות נישט געשפּאָרט. אמת, דאָס זיינען נישט געווען יענע קלאַנגען פון נצחון, וואָס די טרומייטן האָבן געלאָזט הערן אַרום

די ווענט פון יריחו; אָבער אויך די היינטיקע קלאַנגען האָבן באַוויזן, אַז אונזער גאָט איז מיט אונז. יאָ, נאָך: בישטאַינגאַנצן האָבן מיר פאַרלאָרן די אַמאָליקע גדולה. נאָר וואָס וואָלסטו זאָגן, כלב, אַז דו וואָלסט געזען דעם גרויסן זאַק מיט גאָלדענע דינרים, וועלכן מיר פלעגן אַמאָל צושטעלן אין פּאַלאַץ אונטער דער באַגלייטונג פון זיבן טויזנט שווערד־באַוואָפנטע מענטשן?

—זיבן טויזנט שווערד־באַוואָפנטע! —האָט כלב אויסגעשריען אַ פאַרוואונדערטער.

—יאָ. איינער פון זיי איז געווען מיין פאָטער.

—אָ, דעמאָלט איז דאָס באמת געווען אַ גרויסער טאָג פאַר דאָס פאָלק.

—אָבער דאָס איז נאָך אויך גאָרנישט—אַ קלייניקייט. בשעת עקזילאַרך איז געווען דוד אלראי—דער אַלטער דוד אלראי, האָבן מיר, ליבער כלב, דרייסיק יאָר, גאַנצע דרייסיק יאָר גאָר קיין מס נישט געצאָלט. און אַז דער קאַליף מאַקטאדאר האָט געשיקט דערוויסן זיך, למאי טראָגט מען נישט אַריין דעם מס, האָט דוד גלייך זיך געזעצט אויפן פערד און איז אַוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט די יידישע פאָרשטייער אין פּאַלאַץ און האָט דעם קאַליף געזאָגט, אַז מס צאָלט דער שוואַכער דעם שטאַרקן, כדי צו האָבן פון אים שטיצע און שוץ. און אַזוי ווי דוד מיט זיין פאָלק באַשיצן די הויפּטשטאָט שוין צען יאָר אַנטקעגן די סעלדזשוקעס, וואָס באַלאַגערן זי, איז נישט דאָס יידישע פאָלק הינטערשטעליק, נאָר ער, דער קאַליף.

—און דאָס איז אַלץ ריכטיק! —האָט כלב שטאַרק פאַרוואונדערט אויסגעשריען.

—ריכטיק, כלב, —האָט דער ריש־גלותא ווייטער גערעדט. —איך האָב אַליין געהערט, ווי מיין פאָטער האָט וועגן דעם פילמאָל דערציילט. ער איז נאָך דעמאָלט געווען אַ קליין קינד, האָט אים די מאַמע געהאַלטן הויך אויף די הענט, ער זאָל דאָס אַלץ זען. איך וואָלט דיר געקאָנט דערציילן נאָך וועגן עפּיס אַנדערש אויך. נאָר... מיר האָבן זיך דאָ פאַררעדט. גיי זע, דאָרט וואַרטן אלמנות און יתומים. גיב זיי פון דער ברייטער האַנט,

כלב, זשאַלעווע נישט. יאָ—איך האָב שיער נישט פאַרגעסן,—גיי אַריין צו מיין פלימעניק דוד אלראי און זאָג, אַז איך דאַרף מיט אים איבעררייִדן.

—איך גיי, מיין גוטער הערשער. מיר האָבן זיך אַלע טאַקע געוואונדערט, וואָס אונזער הער, דער פלימעניק, האָט קיין אָנטייל נישט גענומען אין דער היינטיקער פייערונג.

—ווער בעט דיך וואונדערן זיך!—איז בוסתנאי פלוצלונג אין כעס געוואָרן.—גיי, וואוהין מען שיקט דיך.

„זיי וואונדערן זיך!—האָט ער פאַר זיך געטראַכט, ווען דער באַדינער כלב איז אַרויס,—אַודאי ריידן אַלע היינט אין שטאָט נאָר וועגן דעם. דערדאָזיקער דוד—ער וועט אונז ברייינגען צו אַן אומגליק. דאָס רעדט אין אים דאָס בלוט פון די עלטערן, דאָס בלוט פון דעם אַלטן אלראי,—אַן עקשן, קאָן זיך נישט אונטערגעבן. בשעת איך בין אַ יונגער געווען און אַ חבר מיט זיין זיידן, האָב איך אויך געהאַט חלומות און פאַנטאַזיעס... אָ, חלומות! אַ פולע צרות האָבן מיר איבערגעליטן, און סוף־כל־סוף אויסגעדרייט זיך, און לעבן און בליען, דאַנקען גאָט... נאָר אָט איז ער, דער פלימעניק מיינער. איך וואָלט שווערן, אַז פאַר מיר שטייט דער חבר פון מיין יוגנט, זיין געשטאָרבענער זיידע אלראי. פונדעסטוועגן האַרמאָנירט עפּיס נישט זיין שוואַכער קערפּער און זיין מיידלש געזיכט מיט די פינסטערע ליידנשאַפטן און מיט די געפערלעכע פאַנטאַזיעס, וואָס פילן אָן זיין ברוסט. גוט מאָרגן, וואָס וועסטו עפּיס גוטס זאָגן, מיין פריינט?

—דו דאַרפסט מיך האָבן, פעטער?

—איך האָב נאָך דיר געשיקט. איך האָב געוואָלט וויסן, פאַר־וואָס ביזטו נישט געווען היינט ביים צושטעלן דעם... דעם...

—דעם מס.

—זאָל זיין דעם מס. פאַרוואָס ביזטו נישט געווען?

—דערפאַר, וואָס מס. איך צאָל נישט קיין מס.

—און איך, מיינסטו, בין, אפנים, פאַרליבט אין דעם? איך בין אַזוי צוגעבונדן צו דער קנעכטשאַפט? נאָר גלויב מיר, אויף

דער אומגליקלעכער ערד אונזערער פאָדערט זיך נישט קיין איבעריקער שׂכל, כּדי צו ווערן אַ ברוגזדיקער און אַן אומצופרידענער פאַטריאָט, און אויסלאָזן דעם העלישן שווערגעמיט אויף די חברים אין אומגליק, וואָס דו ביזט נישט אומשטאַנד זיי צו דערלייכטערן זייערעליידן. אַזעלכע העלדן זיינען שטענדיק אַפילו געווען אין דער משפּחה אלראי. און וואָס איז געווען דער פּועל־יוצא? איך האָב דיך און דיין שוועסטער דערוויסט יתומים, דעם קעניגלעכן סצעפּטער—צובראָכן, דאָס פאָלק—צולאָפן זיך. דעם מס, וואָס מיר טראָגן איצט אַריין, לפּחות, ווי פירשטן, פלעגט דעמאָלט איינגעמאָנט ווערן מיט ריטער, און אַריינגעטראָגן האָבן מיר אים געשמידטע אין קייטן. איך האָב צונויפגעקליבן דאָס פאַרבלאָנדזשעטע פאָלק, איך האָב צוריק אויפגעשטעלט אונזער אַלטן טראָן, און היינטיקער טאָג, וואָס איז, ווי דו מיינסט, אַ טאָג פון טרויער און פון שאַנד, ווערט פון אַלעמען—און גאַנץ ריכטיק—פאַררעכנט ווי אַ טאָג פון פרייד און נצחון.

—פּעטער, איך בעט אייך, רעדט מיט מיר נישט וועגן דעם, איך וואָלט זייער נישט ווען פאַרגעסן, אַז איר זייט מיינער אַ קרוב און אַ גוטער צו מיר. צוליב וואָס זאָלן מיר זיך אַמפערן? וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס, וואָס איך פיל? מיין געפיל איז אַ טייל פון מיין נשמה, איך בין נישט בכּוח זיך איבערצואַנדערשן. אויב מיינע עלטערן האָבן פיל געוואָלט און ווייניק דערגרייכט—באַווייזט עס נאָר אויף דער ריינקייט פון אונזער משפּחה. לפּחות, איינער פון מיינע עלטערן איז דאָך געווען אַ העלד.

—אָ, דער גרויסער אלראי! מיט אַזעלכע עלטערן מעג מען זיך באמת גרויס האַלטן.

—און איך שעם מיך, פּעטער... איך שעם מיך, איך שעם מיך.

—זיין סצעפּטער איז נאָך דאָ, איך האָב אים נישט צוגענומען, וועגן דעם האָב איך טאַקי מיט דיר היינט געוואָלט ריידן. דעמדאָזיקן סצעפּטער וויל איך היינט אָפּגעבן צוריק.

—וועמען.
—דעם גע‏זעצלעכן יורש זיינעם.
—אָ, ניין, פעטער, איך בעט דיך. פאַרגעס וועגן מיינע רעכט אויף אים. איך האָב זיך פון אים אָפּגעזאָגט אויף שטענדיק. איך האָב נישט, פעטער, די פעאיקייטן, וועלכע זיינען נויטיק פאַר אַ ריש־גלותא מיט זיינע פאַרשיידענע זאָרגן און טרחהס.

—דו טרוימסט וועגן רום, און מיידסט אויס מי.
—מי אָן רום—דאָס איז דער גורל פון קנעכט.
—דו ביזט נאָך יונג, יונג. איך האָב אויך אַמאָל אַזוי פאַנטאַזירט. חלומות. אַז דו, דוד, וואָלסט געזען דאָס, וואָס איך האָב געזען, וואָלסטו געווען דאַנקבאַר אויך פאַר דאָס, וואָס איצט איז. היינט ווערט דיר אַכצען יאָר און פון דעם טאָג אָן הויבט זיך אָן דיין רעגירונג. אין אָוונט אויפן מאָלצייט וועל איך דיך פאָרשטעלן פאַר די זקנים פון אונזער פאָלק. און דערווייל פריד צו דיר, מיין זון.
—פריד צו דיר.
דער ביטערער סאַרקאַסטישער שמייכל איז ביסלעכווייז אַראָפּ פון דעם אַלטן בוסתנאָיס געזיכט, ווען ער האָט זיך דערווייטערט. אָנשטאָט דעם האָט זיך אויף דודס פּנים באַוויזן אַן אויסדרוק פון שווערער פאַרצווייפלונג. ער איז אַנידערגעפאַלן אויפן דיוואַן און האָט פאַרמאַכט די אויגן מיט די הענט.

פלוצלונג איז ער אויפגעשפרונגען און האָט זיך געשטעלט אויף די פיס. „אָ, דאָס שאַלן אויס די טרומייטן אונזער שאַנד. ווען זיי וואָלטן דאָס געשאַלט צום אַרויסטרעטן מיט אַ מחנה! גאָט מיינער! לאָז מיך זיגן, אָדער שטאַרבן. אויב דיין הטבהח, וואָס מיר האַלטן זיך פאַר איר מיט אַלע קרעפטן, איז נישט קיין אומזיסטער טרוים, טאָ זאָל זי מקוים ווערן, מקוים ווערן, תיכף מקוים ווערן! דיין פאָלק, גאָט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קנעכט אַ דערשלאָגענעם, אַ פאַרהאַסטן!"
„נאָר, ווי צו מיר, זיי ליידן אַפילו דערפון נישט. זיי טראָגן

צ‎ַלן אַריבער און פילן נישט. מיינע עלטערן—העלדן, אויב די־ דאָזיקע האַנט מיינע קאָן נישט דערגרייכן דאָס, צו וואָס איר האָט געשטרעבט,—דערנידעריקן אייך וועט זי דאָך נישט! איך וועל בעסער שטאַרבן. זאָל פאַרשניטן ווערן דער שטאַם פון בית־דוד!״

# II

הינטער דער וואַנט, וואָס אַרום דער שטאָט האַמאַדאַן, נישט ווייט פון שטאָט איז געווען אַ בערגל נישט קיין הויכער און אַרומגעצוימט פון אַלע זייטן מיט אַ ברייטן שטיינערנעם פּאַרקאַן. אינמיטן איז געווען אַ קבר. מ׳האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער קבר פון מרדכי און אסתּר. אין דעמדאָזיקן איינזאַמען אָרט האָט אלראַי ליב געהאַט צו שפּאַצירן. אַהער איז ער אויך איצט אַוועקגעגאַנגען, כּדי נישט צו זיין אויפן גרויסן מאָלצייט. בשעת ער האָט געעפנט דאָס שווערע אייזערנע טויער פון דעמדאָזיקן בית־עלמין, האָט ער הינטער זיך געהערט אַ טופּעריי פון פערדישע פיס. בשעת ער האָט פאַרמאַכט דאָס טויער, האָט זיך הינטער אים דערהערט אַ באַפעלנדיקער געשריי פון אַ רייטער. אלראַי האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט דערקענט דעם יונגן אַלשיראָך, דעם מושל פון האַמאַדאַן און ברודער פון דעם סולטאַן פון די סעלדזשוקעס. אים האָב באַגלייט נאָר איין אַראַבער, וואָס איז געווען באַרימט אַלס אויספירער פון אַלע אויסגעלאַסענע אונטערנעמונגען אַלשיראָכס.

—הונט!—האָט אַלשיראַך געשריען.—דו ביזט אַ טויבער, צי אַן עקשן, צי ביידע זאַכן אינאיינעם? צוויי מאָל דאַרף מען אייך, קנעכט, איבערחזרן איין זאַך? עפן דאָס טויער!

—צוליב וואָס?—האָט אלראַי געפרעגט.

—צוליב וואָס!—הייליקער נביא—ער פרעגט נאָך. עפן דאָס טויער, אַז נישט—וועל איך דיר אַראָפּנעמען דעם קאָפּ.

—ווער ביזטו עס, וואָס דו שרייסט אַזוי?—האָט אלראַי געפרעגט.—גיי זיך דיין וועג.

און ער האָט געוואָלט אַוועקגיין צום קבר צו.

איך שווער מיט די אויגן פון מיין מוטער—דערדאָזיקער הונט לאַכט פון מיר! זיין גליק, וואָס איך האָב קיין צייט נישט, ווען נישט, וואָלט איך אים דאָ אויפן אָרט אַראָפּגעשונדן זיין פעל. רייד דו מיט אים, מוסטאַפאַ.

—געערטער ייד,—האָט מוסטאַפאַ געזאָגט, צוגייענדיק צו דעם טויער,—דו ווייסט, קענטיק, נישט, אַז פאַר דיר שטייט אונזער הערשער אַלשיראַך. זיין קעניגלעכע הויכקייט וויל דורכפאָרן איבער דעם בית־עלמין פון דיין געשעצטן פאָלק, ווייל דורך דאַנען איז אים נאָענטער צו דעם הייליקן, וואָס וואוינט אויף יענער זייט באַרג, און ער האָט קיין צייט נישט.

—אויב דאָס איז אונזער הערשער אַלשיראַך, ביזטו מסתמא זיין געטרייער קנעכט מוסטאַפאַ?

—יאָ, נאָר וואָס זשע איז דערפון?

—ס'איז דיין גליק, וואָס דאָס טויער איז פאַרשפאַרט. ערשט נעכטן האָסטו באַליידיקט די שוועסטער פון איינעם אונזערן אַ משורת. עס ווילט זיך נישט פאַרשמירן די הענט מיט דיין מיאוס בלוט. נאָר טראָג זיך אָפּ גיכער, דו מיאוסער מענטש.

—הייליקער נביא!—האָט אויסגעשריען דער פאַרוואונדערטער אַלשיראַך.

—דאָס איז דער יונגער אַלראַי,—האָט שעפּטשענדיק געענטפערט מוסטאַפאַ; ער האָט אים ערשט דערקענט.—די יידן האַלטן אים פאַר אַ פירשט. ער איז זייער אַן איינגעהאַלטענער יונגערמאַן. בעסער זאָלן מיר דאָ נישט פאַרהאַלטן זיך, לאָמיר פאָרן ווייטער.

— דער יונגער אלראי! נו, רעכט, איך וועל אים שוין געדיינקען! — האָט אַלשיראָך געשריען, — מיר פאָרן ווייטער, נאָר, דו הונט — געדיינק דעם מס!
אלראי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם טויער, אַלשיראָך מיט זיין באַגלייטער זיינען שוין געווען ווייט.
אלראי איז לאַנגזאַם אַוועק צו די קברים. נאָר זיין צורודערטער צושטאַנד האָט נישט געשטימט מיט דער שטילער פאַרחלומטער רואיקייט, וואָס האָט געהערשט אויפן בית-עלמין, ער איז געווען אומרואיק און איז אַוועק שפּאַצירן אין וועלדל, וואָס איז געוואַקסן אויפן שפּיץ בערגל. פון יענער זייט האָבן זיך געהערט קלאַנגען פון געזאַנג, וואָס האָבן געזונגען יונגע מיידלשע שטימען. דאָס האָבן דאָרט געשפּילט די מיידלעך פון כוסתנאיס פּאַלאַץ מיט אלראיס שוועסטער מרים אין דער שפּיץ.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער געשריי און נאָך אים אַ געלויף און באַלד אַ ביטערער פאַרצווייפלטער יאָמער. פון וועלדל איז אַרויסגעשפּרונגען אַ מענטש מיט אַ הויכן טורבאַן און האָט געכאַפּט די ערשטע פון די זינגערינס. די טיידלעך זיינען זיך פאַנאַנדערגעלאָפן אין פאַרשידענע זייטן און מרים איז אַליין געבליבן אין דעם מענטשנס הענט. דאָס איז געווען אַלשיראָך.

אלראי אז צוגעלאָפן אַ בלאַסער פון גריצאָרן, האָט אויסגעריסן דאָס ערשטע ביימל, וואָס איז געוואַקסן נעבן אים. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַלשיראָכן און האָט אים מיטן ביימל דערלאַנגט איבערן שלייף. אַלשיראָך איז אַ טויטער אַנידערגעפאַלן אויפן גראָז, און מרים איז אַגעחלשטע אַריינגעפאַלן אין דעם ברודערס אָרעמס, די מיידלעך, וואָס זיינען זיך נעווען צעלאָפן, האָבן זיך אומגעקערט, דערזעענדיק, אַז מרים איז ביים ברודער אויף די הענט. זיי האָבן גענומען העלפן אָפּמינטערן מרימען, און דאָס איז זיי גיך געלונגען.
—אַנטלויף, דוד, ראַטעווע דיך! — האָט מרים אויסגעשריען, קוקנדיג צו זיך. איך מיט די מיידלעך וועלן מיר אַנטלויפן צו

צו בוסתּנאין אין גאָרטן, בוסתּנאי איז אַזוי רייך און אַזוי קלוג, אַז אים וועט זיך איינגעבן אונז צו באַשיצן. אָבער דיך באַשיצן וועט ער נישט קענען, דו מוזט אַנטלויפן.

— וואוהין אַנטלויפן?— האָט דוד געפרעגט.

פון וואַלד האָט זיך דערהערט אַ נאָענט הירזשען פון אַ פערד.

— אוי, ווידער זיי! — האָט מרים פאַרצווייפלט אויסגעשריען. נאָר דאָס איז געווען אַן אומזיסטע שרעק: אַלשיראָכס פערד האָט גערופן צו זיך זיין באַלעבאָס.

און אַלראי האָט אַרויסגעפירט דעם פערד פון דער געדיכטעניש פון וואַלד. דער פערד האָט אין אים גלייך דערפילט אַ פעסטע דערפאַרענע האַנט פון אַ גוטן רייטער און איז געשטאַנען ווי אַ באַגראָבענער.

— אָ —,האָט דוד אויסגעשריען —איך פיל זיך זיכער ווי אַ זייגער, איידער ווי אַן אַנטלאָפענער פאַרברעכער. זיי געזונט, מיין שוועסטער? זייט געזונדט מיידלעך, היט אייער טייערע מריעם:

ער האָט זיך צעקושט מיט מרימען און דערביי איר שטיל אָנגעשעפטשעט אויפן אויער: „זאָג דעם גוטן בוסתּנאי, ער זאָל נישט שוינען קיין געלד. איך בין זיכער, אַז דאָס יאָר וועט נאָך נישט אַריבער, וועל איך מיך צוריקקערן און וועל גויטן אונזערע באַצווינגער טייער צו באַצאָלן פאַר דעם איצטיקן פלעצלעכן אָפּפאָרן מייגעם. און איצט – אין מדבר!”

## III

עס איז אַריבער אַ נאַכט און אַ טאָג, און דער אויסגעמאַטערטער אלראַי איז נאָך אַלץ געפלויגן אויף זיין שטאַרקן פערד דאיבער דעם רוים פון דער וויסטעניש. נישט קיין וואַסער, נישט קיין שפּייז פאַרן פערד און פאַרן רייטער איז נישט געווען. אין דעמדאָזיקן מדבר האָבן קיין חיות נישט געוואוינט און קיין פייגלעך נישט געפלויגן. ס'האָט גאָרנישט געשטערט דער מלכותדיקער שטילקייט. אַפילו דער פחדנישער געהייל פונם שאַקאַל וואָלט דאָ געקלונגען, ווי אַ צאַרטע מוזיק. אַ גרויע פעלדמויז איז פאַרבייגעלאָפן פון די דאַרע דארנקוסטעס און האָט געטראָגן אין די בלאַנקווייסע ציין אַ קליין שטיינגעלע.

דאָס איז געווען די אייציקע באַגעגעניש אויפן וועג.

אינדערפרי האָט אלראַי דערזען פון ווייטן דעם סילועט פון דער באַרגקייט עלבּרוס, וואָס גרעניצט אָפּ דעם מדבר פון לינקס. צו דידאָזיקע בערג האָט זיך אלראַי געלאָזט רייטן. ביי אַ שעה אָדער צוויי האָט דער יונגער עקזילאַרך לאַנגזאַם געריטן,

נאָר וואָס נאָענטער עס איז געוואָרן צו האַלבן טאָג, איז די היץ געוואָרן אַלץ שטאַרקער. דער דאָרשט האָט אַזוי געמאַטערט, אַז אַלראַי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן אויפן פערד. אַלע רדיפות און יסורים, וואָס האָבן אויף אים געוואַרט אין האַמאַדאַן האָבן געהאַט אַ פּנים ווי גאָרנישט אַנטקעגן דער שרעקלעכער פּיין פונם דאָרשט. האַלב ליגנדיק אויפן רוקן פון פערד, האָט אַלראַי באַמערקט, אַז אין איין אָרט איז דער זאַמד אַ ביסל טונקעלער. דאָ האָט אַוודאי באַדאַרפט זיין וואַסער. אַלראַי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד, אַ גראָב געטאָן אין דער ערד—ער האָט געפונען וואַסער, אָבער דאָס איז געווען געזאַלצן, מען האָט מיט דעם נישט געקאָנט שטילן דעם דאָרשט. אַלראַי האָט זיך מיט גרויס מי צוריק אַרויפגעזעצט אויפן פערד. ער האָט לאַנג געריטן, די זון איז אַראָפּ נידעריקער. פון וויטן האָבן זיך באַוויזן די שפּיצן פון די בערג, וואָס גרענעצן דעם מדבר. דאָרטן דאַרף שוין זיין גוט וואַסער צום טרינקען. דער פערד האָט זיך אָנגעשטריינגט, ער האָט אַליין דערפילט די נאָענטקייט פון וואַסער און איז געפלויגן ווי אַ פייל פון בויגן.

די זון איז שוין פאַרגאַנגען אינגאַנצן, ווען דוד אַלראַי האָט דערגרייכט צופוסנס ביי די בערג. דאָרט האָט געשלאָגן אַ פּרישער קוואַל. דוד איז אַראָפּגעשפּרונגען און האָט דעם פערד נאָך זיך גענומען ציען צום וואַסער. דער פערד האָט נישט געקענט גיין—ער האָט אַ ציטער געטאָן און אַנידערגעפאַלן אַ טויטער.

---

דוד איז געשלאָפן אויפן ברעג פונם קוואַל. דער געפאַלענער פערד האָט צוגעצויגן וועלף און שאַקאַלן, וועלכע האָבן זיך געריסן צווישן זיך פאַר דער נבלה, פּלוצלונג זיינען זיי אַלע שטיל געבליבן. עס האָט זיך דערהערט אַ ברום פון אַ לייב און באַלד איז דער קעניג פון דער וויסטעניש געשטאַנען פאַר די וועלף. די וועלף האָבן גענומען אָפּטרעטן, דער לייב איז מיט שטאָלץ צוגעגאַנגען צו דער נבלה, האָט זי אַ שמעק געטאָן, מיט די אויגן דורכגענומען די צעריסענע שטיקער פלייש און

די שוין אָפּגעהוילטע ביינער — און איז אַוועק. די וועלף האָבן זיך צוריקגעלאָזט צו דער נבלה, און דער לייב איז געגאַנגען צום קוואַל. ער האָט פלוצלונג דערזען אַ מענטשען אויף דער ערד אין אַ ברום געמאַן. פון דעמדאָזיקן קול האָט זיך אַלראי אויפגעכאַפּט.

ער האָט אויפגעעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך דעם שרעקלעכן לייב. ער האָט נישט געוואוסט, וואו איז ער און ווי קומט ער אַהער. אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט וועגן אַלץ, וואָס מיט אים איז געשען. ער האָט דערפילט אַ שטאַרקע קראַפט אין זיך און האָט אויפן לייב אויסגעשטעלט די אויגן. אַ פּאָר מינוט האָבן זיך דידאָזיקע העלדן פונם מדבר אָנגעקוקט איינע די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן זיך פאַרמאָסטן צו שטרייטן, ווער עס איז שטאַרקער. נאָר באַלד האָט דער לייב זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט אַנטקעגן דעם פלאַם-פייער פון דעם מענטשנס אויגן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם עק און איז אַוועקגעלאָפן אין די פעלזן.

ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן. אַן איינזאַם פייגעלע האָט זיך ערגעץ צעזינגען צווישן די צווייגן, דוד האָט דערהערט און דערפילט עפּעס ווי אַ טרייסט פון דער באַשעפעניש, וואָס איז אַזוי איינזאַם און פאַרלאָזט ווי ער. און דאָס פייגעלע האָט זיך פלוצלונג באַוויזן איבער זיין קאָפּ, האָט זיך עטלעכע מאָל אַרומגעדרייט און אַראָפּגעלאָזט אַ צווייגעלע פון אַ פּאַלמע אים צו די פיס.

---

מיט גרויס מי האָט זיך דוד אַרויפגעדראַפּעט אויף די שפּיצן פון די בערג. ער האָט זיך געמוזט אַראָפּלאָזן אין טיפע תהומות, און קריכן איבער גלייכע ווענט, ביז ער איז געקומען צו אַ ברייטן פּלאַץ, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט הויכע באַזאַלטענע שטיינער, שטוילע ווי ווענט. דאָרט האָט געקוועלט אַ וואַסער, וואָס האָט געפּלייצט איבער דעם שטיינערנעם באָדן ביז אַ הויכן פעלז, וואָס האָט אים פאַרצוימט דעם וועג, און דאָס וואַסער האָט זיך פאַרקערעוועט אָן אַ זייט און מיט רעש

און געפילדער געפאַלן אין אַ גרוב, אַרויסגייענדיק צוריק אויף דער שיין פון דער צווייטער זייט פעלז.
איבער דעמדאָזיקן אָרט איז אלראי אַרומגעגאַנגען, ביז ער האָט אָפּגעזוכט אַ הייל אין דעם שטיין.
אַ געדרומיגע איז געווען די הייל. אינמיטן איר איז געשטאַנען אַ טיש פון בלאַנקן מעש מיט אויסגעשניטענע פאַרשידענע צייכנס. אויף די ווענט זיינען געווען אויסגעהאָנגען אַלערליי געווערן. אויף אַ באַנק זיינען געלעגן צעוואָרפן פאַרשידענע ספרים און באַזונדערע מגלות. דוד איז צוגעפאַלן מיט די ליפן צו די ספרים.
בשעת ער האָט, שטייענדיק אויף די קני געקושט די הייליקע ספרים, איז פון אַ ווייטן פינסטערן היילווינקל אַרויס עפּיס אַ שאָטן. פאַר דער שיין פון הייגנדיקן לעמפל האָט מען געקאָנט זען, אַז דאָס איז געווען אַ מענטש פון מיטעלע יאָרן, זייער הויכגעוויקסיק—אַ געשטאַלט פון אַ גבור. זיינע אויגן האָבן העל און שאַרף געגלאַנצט פון אונטערן הויכן טורבאַן. דאָס געזיכט איז געווען צעקנייטשט—אָבער שיין. אַ ברייטע באָרד, שוואַרץ ווי פעך, האָט פאַרדעקט די גאַנצע ברוסט. זיין ברייטער מאַנטל איז אין די לענדן געווען איבערגעבונדן מיט אַ שוואַרצן גאַרטל, וואָס עס זיינען געווען אויף אים אויסגענייט פונקט אַזעלכע געהיימע צייכנס, ווי אויפן טאָוול פון טיש.
דער אומבאַקאַנטער איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען. אלראי האָט אים ערשט, אויפהויבנדיק זיך פון דער ערד, באַמערקט.
—יאַבאַסטער!—האָט ער אויסגעשריען.
—אָ, דו שטאַם פון בית־דוד!—האָט יענער געענטפערט.—איך האָב געוואַרט אויף דיר. פאָריקע נאַכט האָב איך געלייענט וועגן דיר אויף די שטערן. זיי האָבן באַוויזן עפּיס אַן אומרו־איקייט.
—די צייט וועט קלאָר מאַכן, מיין גרויסער לערער, וואָס די שטערן האָבן באַוויזן—אומרואיקייט, צי נצחון. איצט בין איך אַן אַנטלאָפענער און שטאַרק מיד. מען זוכט מיך, איך האָב געטויט אַ מוסולמענער.

# VI

האַלבע נאַכט, אלראַי איז געשלאָפן אומרואיק. יאַבאָסטער האָט פון אים קיין אויג נישט אַראָפּגענומען.

„די איינציקע האָפנונג פון פאָלק ישראל,"—האָט יאַבאַסטער פאַר זיך געטראַכט.—„מיין פירשט! איך האָב שוין לאַנג אין דעם דערדאָזיקער יונגער זעלע באַמערקט סימנים פון גרויסע מעשים. הייליקע אָפּשטאַמונג פון דודס אויסדערוויילטע משפחה".

„בשעת איך האָב נאָך אין דער יוגנט אויפגעהויבן די פאָן אויף די ברעגן פון טייך חידקל און האָב אַרויסגעלאָזט צו מיין פאָלק אַן אויפרוף אָפּצונעמען צוריק דאָס לאַנד פון אונזערע עלטערן—אָ, מיר זיינען דעמאָלט געווען אַ פולע, מיר זיינען געווען שטאַרקע און רייכע. דעמאָלט זיינען מיר נאָך געווען אַ פאָלק, און מיר האָבן זיך אָן מורא צוזאַמענגעקליבן אַרום אונזער פאָן. מיר האָבן זיך אין עצות נישט גענויטיקט, אונז האָט קיין אָנפירער נישט געפעלט. קיינער קאָן נישט דערווייזן קיין פעלער אין יאַבאַסטערס האַנט און געדאַנק. פונדעסטוועגן... דער טרוים

איז צעגאַנגען, ווי אַ רויך. זאָלן מיר די צוואַנציק יאָר שווערע מי, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, דינען פאַר אַ פאַרגעבונג אויף מיין זינד, וואָס איך האָב פאַרגעסן די באַדייטונג פון קעניג־לעכן בית־דוד, פון דודס בלוט, וואָס דרעמלט דאָ איצט נעבן מיר."

---

יאַבאַסטער איז אַרויסגעגאַנגען זען אויף די שטערן דעם גורל פון דודס קעניגלעכער משפחה. ער האָט זיך געזעצט נעבן קוואַל און גענומען קוקן אויפן הימל.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ געשריי. אלראַי איז אַרויסגע־לאָפן פון הייל מיט אויסגעשפרייטע הענט.

—יאַבאַסטער! יאַבאַסטער!

—איך בין דאָ, מיין זון!

—גאָט האָט מיט מיר גערעדט.

—גאָט איז אונזער שוץ. קום צו זיך, דודס זון, און דערצייל מיר אַלץ.

—איך בין געשלאָפן, אמת?

—יאָ, דו ביזט געשלאָפן. נאָר איך האָב מורא, אַז דער שלאָף האָט דיר קיין רו נישט געבראַכט.

—איך האָב מיך אויף אייביק געזעגנט מיט דער רו. איך קאָן קיין רו נישט האָבן. איך בין גאָטס געזאַלבטער.

—טרינק אויס אַ ביסל וואַסער, דוד, דאָס וועט דיך קרעפטיקן.

—שטעל אויף דעם בונד, שטעל אויף דעם ארון, די הייליקע שטאָט...

—גאָטס גייסט איז אויף דיר אַראָפּ, דודס זון. איך באַשווער דיך: דערצייל מיר אַלץ, וואָס איז געווען. איך בין אַ לוי, און מיין האַנט איז דער שם־המפורש...

—נעם זשע דעם שופר און רוף צענויף דאָס פאָלק און הייס גיכער אויפצושטעלן דעם בית־המקדש. ציגל זיינען איינגעפאַלן, וועלן מיר בויען פון מירמל"—דו האָסט געהערט דעמדאָזיקן כאָר?

ר האָט געקלונגען נאָר פאַר דיין אויער.

—הייליקער לערער, דו גערייינקסט נאָך די צייט, ווען איך בין אין דערדאָזיקער הייל געווען דיינער אַ תּלמיד. דו האָסט נאָך נישט פאַרגעסן די טעג פון פרידלעכן לערנען, די דערהויבענע לאַנגע נעכט פון הייליקן פאָרשן. איך בין געווען אויפמערקזאַם צו יעדן וואָרט דיינעם.

—איך געדיינק, מיין זון.

—איך האָב דיר קיינמאָל נישט געלייגט, יאַבאַסטער.

—איך ווייס.

—טאָ גלויב זשע מיר, יאַבאַסטער, איצטער, אַז איך בין דער געזאַלבטער פון גאָט.

—דערצייל מיר אַלץ, מיין זון.

—הער: איך בין געשלאָפן אין הייל, נאָר מיין שלאָף איז נישט געווען רואיק. איך האָב געזען אַפּולע חלומות, נעפּלדיקע, אָפּ־געריסענע. איך געדיינק קיין איינציק בילד נישט, נאָר עפּיס אַן אומקלאָרן פאָרגעפיל האָבן זיי אין מיר געבוירן, אַז מיר איז באַשערט צו זען גליקלעכערע טעג. און פּלוצלונג האָב איך מיך דערשפּירט אויף אַ הויכן באַרג און האָב אָנגעהויבן קוקן אויף די שטערן. האָב איך דערהערט אַ שופר. דער הימל האָט זיך פאַרגאָסן מיט אַ העלן פלאַם, און עס איז אַרויסגעטרעטן אַ מעכטיקע מחנה. רייטוועגן און רייטער אין גלענצנדיקע רייען פון קריגער, אַ ים פון בליצנדיקע שפּיצן. חשובע כּהנים האָבן אַרומגעטראָגן בעקנס מיט קטורת, און נביאים מיט גילדערנע האַרפּעס האָבן באַזונגען די קינפטיקע נצחונות... פריי דיך, ישראל!"—האָבן זיי געזונגען,—„וואָרום ער קומט, ער גייט אין פּראַכט און מאַכט—דער גרויסער משיח פון אונזערע אַלטע האָפענונגען". און פּלוצלונג האָט זיך באַוויזן אַ גרויסער רייט־וואָגן, איינגעשפּאַנט אין נישט־געזעענע חיות, וואָס זיינען גע־שוואומען איבערן פלאַם, און אין דעמדאָזיקן וואונדערלעכן רייט־וואָגן איז אומבאַוועגלעך געשטאַנען אַ שטאָלצער קריגער. און זיין געזיכט... האַלט מיך צו, יאַבאַסטער—דערדאָזיקער קריגער איז געווען—איך...

—דערציי̈ל ווייטער, מיין זון.

—פון שרעק האָב איך מיך אויפגעכאַפּט. דער חלום איז פאַר־שוואונדן. נאָר איך האָב נאָך נישט באַוויזן אַ טראַכט צו טאָן, האָט זיך פון דער הויך דערהערט אַ שטיל צאַרט קול: „אלראי!“ איך האָב נישט געענטפערט, איך האָב געמיינט, אַז מיר דאַכט זיך עס. האָט מען מיך אַ צווייט מאָל אַ רוף געטאָן. דעמאָלט האָב איך געענטפערט: „גאָט, מיין האַר, דאָ בין איך, וואָס פאַר־לאַנגסטו?“ נאָר קיינער האָט נישט געענטפערט. אַ גרויסע מורא איז אויף מיר אָנגעפאַלן, און איך בין אַרויסגעלאָפן פון הייל צו דיר, מיין לערער.

—דאָס איז געווען אַ בת־קול. וואונדערלעכע צייטן קומען. אונ־זער דערלייזונג איז נאָענט. דודס זון, מיין האַרץ איז איבער־פולט. לאָמיר תפילה טאָן.

---

נאָך דריי טעג פאַרברייגגען ביי יאַבּאַסטערן אין הייל, האָט זיך דער יונגער עקזילאַרך געלאָזט אין וועג זוכן שלמה המלכס סצעפּטער! לויט יאַבּאַסטערס געהיימע לערע האָט נאָר יענער מענטש פון דוד המלכס משפחה געקאָנט אויסלייזן די יידן פון גלות, ווער עס וועט אַליין אָן זייטיקער הילף באַקומען שלמהס סצעפּטער.

—אַ שווערע מינוט, אלראי,—האָט יאַבּאַסטער געזאָגט ביים געזע־געגען זיך.—אַזעלכע ווי מיר האָבן נישט געטאָרט האָבן קיין מענטשלעכע געפילן. מ׳מוז זיך באַהערשן. פאַרגעס גאָרנישט. היט די קמיע, וואָס איך גיב דיר, ווי דאָס לעבן. זיי פעסט, זיי פרום, געדיינק דיינע עלטערן, פאַרגעס נישט אָן גאָט.

—זיי רואיק, טייערער לערער. דו זעסט דאָך, אַז איך בין גרייט אַפילו צו שטאַרבן.

—וואַרט, מיין זון, איך האָב מיך עפּיס דערמאָנט. נאַ דיר דעמ־דאָזיקן רונג, דאָס איז אַ שמאַראַגד. איך האָב אַמאָל געהאַט אַ ברודער. אפשר לעבט ער נאָך ערגעץ. בשעת מיר האָבן זיך געשיידט, האָט ער מיר געגעבן דעם רונג צום אָנדיינק פון

זיין ליבע צו מיר, כאָטש מיר זיינען גאָר פאַרשידענע מענטשן.
נעם דעם רונג אפשר וועט דיר אַמאָל אויסקומען זוכן הילף
ביי מיין ברודער—וועט דיר דער רונג צונוץ קומען. אויב מיין
ברודער לעבט, איז ער געוויס אַ גליקלעכער מענטש—אַזאַ מזל
האָט ער, און זאָל דיר גאָט העלפן, געבענטשטער יונג.
זיי האָבן זיך צערומגענומען.

# V

רויט דער מסורה האָט זיך שלמה המלכס סצעפּטער געפֿונען אין די קבורות פֿון מלכי בית־דוד, און קיינער, אויסער זייערע קינדער, האָבן זיך צו אים נישט געטאָרט צורירן. באַזאָרגט זיך מיט דער קמיע, וואָס האָט אים געזאָלט פֿירן אויפֿן רעכטן וועג אין די שווערע און געפֿערלעכע זוכענישן, האָט זיך אלראי אַוועקגעלאָזט צו דער הייליקער שטאָט. ער איז אַריין אין דער טיף פֿונם מדבר, וואָס ער איז אים לויפֿנדיק פֿון האַמאַדאַן נאָך דורכגעגאַנגען ביים ברעג.

ער איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ געוויינלעכער קורד, אין אַ שוואַרצן גראָבן מאַנטל, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, אויף וועלכן עס איז געהאַנגען אַ קינזשאַל. דער קאָפּ איז געווען באַשיצט מיט אַ הויכן טורבאַן, אויף די פֿיס האָט ער געטראָגן נאָך סאַנדאַלן. אויפֿן רוקן—אַ זאַק מיט געברענטע ווייצן־זאַנגען און אַ רימענעם לאָגל מיט וואַסער.

ער איז געגאַנגען נאָך פֿאַרנאַכט און פֿאַרטאָג. בייטאָג האָט ער

געריס, און איז געווען גליקלעך, ווען ער האָט געקאָנט באַ־
האַלטן זיך פון דער היץ אין שאָטן פון אַ פּאַלמע נעבן אַ קוואַל.
אויב ער האָט דאָס נישט געהאַט, האָט ער זיך אויסגעצויגן
אויפן זאַמד און האָט זיך פאַרשטעלט פון דער זון, אויפהייב־
גענדיק דעם שאַל פון טורבאַן אויף זיין שטעקן.
דריי וואָכן זיינען אַריבער, זינט ער האָט פאַרלאָזט יאַבאַסטערס
הייל. פאַר דערדאָזיקער צייט האָט ער קיין איין מענטשן נישט
באַגעגנט. אָבער אָט האָבן זיך פון דערווייטנס באַוויזן בלאָסע,
אָבער גאַנץ דייטלעכע סילועטן פון ווענט און פון טורעמס, און
אויפן פערטן טאָג אינדערפרי איז ער צוגעקומען צו אַ שטאָט.
ביי די טויערן איז קיינער נישט געווען, אלראי האָט געוואַרט
ביז פאַרנאַכט, אימיצער זאָל זיך ווייזן און איז סוף־כל־סוף
אַריין אין די טויערן אַליין.
ער האָט דערזען חורבהס פון רייכע פּאַלאַצן מיט קאָלאָנעס און
אַבעליסקן, מיט גרויסע הויפן, מיט שיינע טעמפּלען. דאָס איז
אַלץ געווען באַגאָסן מיט שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון.

אַ פאַרוואונדערטער און אַן אַנטציקטער האָט אלראי געקוקט אויף
דאָס בילד. און וואָס מער ער האָט געקוקט, אַלץ גרעסער איז
געוואַקסן זיין נייגיריקייט. איינע נאָך דער אַנדערער האָבן זיך
פאַר אים אַנטפּלעקט אַלץ נייערע וואונדער. יעדער אָפּקלאַנג
פון זיינע פיס האָט אים געשראָקן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט
מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן. נאָר אַרום איז געווען אַ טויטע שטיל־
קייט. דער יידישער פירשט איז געשטאַנען צווישן די קעניגלע־
כע שאַפונגען פון די מאַקעדאָנישע פעלדהערן. אימפעריעס און
דינאַסטיעס דערגרייכן דעם שפיץ פון זייער הויכקייט, די העכ־
סטע מדרגה פון זייער בליונג, און פאַלן; די שטאָלצע הויפּט־
שטאָט ווערט פאַרוואַנדלט אין חורבות, און די מעכטיקסטע
מלוכה גיסט זיך צענויף מיט דעם מדבר. נאָר דאָס פאָלק ישראל
בלייבט, און דער יורש פון די אַלטע מלכים שטייט צווישן די־
דאָזיקע חורבות. און קיינמאָל קאָן די זון נישט אויפגיין, . אַז
זי זאָל נישט באַפאַרבן מיט גאָלד די שטאָט ירושלים, וועלכע

לעבט אַלץ. איין וואָרט, איין טאָג, איין מענטש—און דאָס פאָלק קאָן ווידער אויפגעריכט ווערן.

אַזוי האָט אלראַי געטראַכט, פאָרזיכטיק גייענדיק איבער די גאַסן פון דער חרובער שטאָט. פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ געשריי. אלראַי האָט זיך אומגעקוקט, ערשט אימיצער האָט אים פעסט געהאַלטן—דאָס זיינען געווען פיר בייזע קורדן-רויבער. זיי האָבן אים גלייך געבונדן און אַוועקגעשלעפט אין דער לענג פון דער הויפטגאַס. זיי האָבן אים לאַנג געשלעפט איבער צע־בראָכענע קאָלאָנעס און איבער גאַסן און געסלעך און אומעטום איז געווען חורבן און וויסטקייט.

לסוף האָבן זיך די רויבער אָפּגעשטעלט נעבן אַ הויכער צעשפּאָל־טענער וואַנט; זיי האָבן דעם געפאַנגענעם אַריינגעפירט אין אַ טייל פונם בנין, וואָס איז נישט אַזוי צושעדיקט געווען; זיי זיינען אַרויס אין אַ הויף, וואו עס זיינען געווען גרופּעס מענטשן, פערד און קעמלען. די מענטשן זיינען געזעסן אויף דער ערד אויף די קני און האָבן געגעסן. נעבן זיי האָבן געברענט פייערן, וועלכע האָבן באַלויכטן מיט אַ רויטער שיין די אכזרישע פּנימער און דאָס גלאַנציקע געווער.

—אַ מרגל!—האָבן אויסגעשריען די רויבער, צופירנדיק אַלראַין צו דעם אָנפירער פון דער באַנדע.

—טאָ הייננגט אים אויף,—האָט דער אָנפירער געזאָגט, אַפילו נישט אַ קוק טאָענדיק אויף אים.

—דער וויין איז אויסגעצייכנט, גרויסער שרירא, ווי איך בין אַ מוסולמענער. נאָר איר זייט זייער שטרייננג. אַזאַ גיכע שטראָף איז מיר נישט געפעלן. פריער מוזן מיר אים אויספאָרשן, אפשר וועלן מיר זיך פון אים דערוויסן עפּיס נוצלעכעס.

—ווי דו ווילסט, טו, קיסלאָך,—האָט געזאָגט שרירא,—דאָס איז אינטערעסאַנט. פון וואַנען ביזטו, בחורל? ער קאָן נישט ענט־פערן. קלאָר—אַ מרגל. הייננגט אים אויף.

די רויבער האָבן שוין די שטריק אויף דער העלפט אָפּגעבונדן, כדי צו מאַכן פון איר אַ שלייף. האָט זיך אָבער אַריינגעמישט אַ דריטער מיטגליד פון דער פיינער חברה:

—מרגלים ענטפערן געוויינלעך, הויפטמאַן! דאָס איז גיכער אַן איבערגעטאָנענער סוחר.

—און ער האָט באַהאַלטן געלט!—האָט קיסלאָך צוגעגעבן.—אָפּט טרעפט, אַז אונטער אָרעמע קליידער זיינען באַהאַלטן רייכע אוצרות. מ׳דאַרף אים בעסער אונטערזוכן.

—זוכט,—האָט שרירא זיך אָפּגערופן מיט זיין גראָבער שטים.—טוט מיט אים, וואָס איר ווילט, מיר גיט נאָר דעם בעכער. דערדאָזיקער גריכישער ווייַן איז אויסגעצייכנט. און האַלט אונ־טער דאָס פייער, חברה. איר שלאָפט, צי וואָס? און דו, קיס־לאָך, אויב דו קאָנסט נישט איבערטראָגן קיין אכזריות, מעגסטו דעמדאָזיקן וואוילן יונג אויפן פייער צוּבראָטן, אויב דו האָסט נאָר חשק דערצו.

די רויבער האָבן געוואָלט אַראָפּציען פון אַלראַי די קליידער. אלראַי האָט אָבער אַ געשריי געטאָן:

—מיינע פריינט—וואָרום איך ווייס נישט, פאַרוואָס זאָלן מיר זיין שונאים?—האָט אויף מיר רחמנות. איך בין אָרים, יונג, אומ־שולדיק. איך בין נישט קיין מרגל, קיין סוחר. איך האָב קיינע בייזע רעיונות נישט, קיינע רייכטימער נישט. איך בין אַ פּילי־גרים.

—קלאָר אַז סע איז אַ מרגל!—האָט שרירא אויסגעשריען.—אַלע זיינען זיי פּיליגרימען.

—ער רעדט צו שיין, אַז מען זאָל קאָנען גלויבן אין זיינע ווער־טער,—האָט קיסלאָך צוגעגעבן.

—אַלע ריידערס זאָגן ליגן.—האָט שרירא צוגעגעבן.

דערייבער טאַקע איז קיסלאָך דער שענסטער רעדנער צווישן אונז.

—פאַר אַ שפּאַס אויפן מאָלצייט קאָן מען צאָלן אין שלאַכטפעלד,—האָט זיך קיסלאָך אָנגעבייזערט.

—היי, חברים,—האָט שרירא געברומט,—וואָס קריגט איר זיך. זוכט גיכער. איך הייס.

מען האָט זיך ווידער גענומען פאַר אלראַי, ער האָט זיך אומ־זיסט אָפּגעוועהרט.

—הויפטמאַן!—האָט אויסגעשריען איינער פון דער באַנדע.—ביי אים אויפן האַרצן איז אַ דימענט!
—ווייז אַקאָרשט אַהער,—האָט שרירא באַפוילן.
אָבער אלראי האָט זיך דערמאָנט, וואָס יאַבאַסטער האָט אים געזאָגט וועגן דעם קמיע. ער האָט זיך מיט פאַרצווייפלונג אַ ריס געטאָן פון די רויבערס הענט, געכאַפּט אַ האַלאַוועשקע און האָט זיך גענומען אָפּוערן.
—איין רגע הערט מיך אויס!—האָט ער אויסגעשריען.—איך בין אַן אָרימער פּיליגרים. דערדאָזיקער שטיין—דאָס איז אַ קמיע, וואָס האָט פאַר אייך קיין ווערט נישט, נאָר פאַר מיר איז ער טייערער פאַר אַלע עשירות אין דער וועלט. איך וועל זיך מיט אים שיידן נאָר צוזאַמען מיטן לעבן—איר מעגט זיין זיכער אין דעם. שוינט זשע אייערע אייגענע לעבנס, וואָרום דער ערשטער, וואָס וועט אונטערגיין נאָענט צו מיר, וועט פאַלן אַ טויטער.

—הרגעט אים!—האָט שרירא באַפוילן.
—שטעכט אים!—האָט קיסלאָך געשריען.
—דעם שטיין גיב אַהער!—האָט געשריען אַ דריטער.
—האָב אויף מיר רחמנות, גאָט פון קעניג דוד!—האָט אלראי אויסגעשריען.
—שאַ, הערט אויף! ער איז אַ ייד,—האָט שרירא אַ געשריי געטאָן.—לאָזט אים, לאָזט אים! מיין מוטער איז געווען אַ יידישע טאָכטער.
די רויבער האָבן אַראָפּגעלאָזט דאָס געווער און זייען אָפּגעטראָטן, אָבער אַלראי איז נאָך אַלץ געבליבן שטיין צום קאַמף.

—מוטיקער פּיליגרים!—האָט שרירא ווייך געזאָגט.—דו גייסט אודאי אין דער הייליקער שטאָט?
—אין דער שטאָט פון מיינע עלטערן.
—אַ געפערלעכער וועג! פון וואַנען ביזטו?
—פון האַמאַדאַן.
—אַ שווערע רייזע. דו דאַרפסט אָפּרוען. ווי רופט מען דיך!

—דוד.

—דוד, די ביזט צווישן גוטע פריינט. פאַרבלייב דאָ און רו אָפּ. קיינער וועט דיר נישט שטערן. נאָר דו באַדיינקסט זיך. האָב נישט קיין מורא. דער אָנדיינקען וועגן מיין מוטער האָט מיך פון פיל זאַכן אָפּגעהאַלטן.

שרירא האָט אַרויסגענומען זיין קינזשאַל און זיך איינגעשטאָכן די האַנט. די פרישע וואונד האָט ער צוגעטראָגן צו אַלראי, וועלכער האָט זיך צו איר צוגערירט מיט די ליפּן.

—דערמיט ביסטו זיכער אין מיין געטריישאַפט. ביי וועמען אין די אָדערן עס רינט מיין בלוט, יענעם קאָן איך נישט פאַרראַטן.

---

אַ שעה צוויי נאָך האַלבע נאַכט האָט זיך אלראי אויפגעכאַפּט. אַרום זיינען אַלע שטאַרק געשלאָפן. ער איז אויפגעשטאַנען, פאָרזיכטיק אַריבערגעטראָטן איבער די קערפּערס פון די שלאָפנדיקע רויבער און אַוועק. ער איז נישט געוועזן קיין געפאַנגענער, אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרלאָזן אויף דידאָזיקע מענטשן—ווער ווייס, וואָס עס קאָן זיי קומען אויפן זינען אין אַ שעה אַרום? ער איז אַריבערגעשפּרונגען איבער די אָנגעוואָרפענע שטיינער און די וויסטע גאַסן האָבן אים אַרויסגעפירט צו די טויערן. ער איז ווידער אַוועק אין דער וויסטעניש.

ער האָט מורא געהאַט, אַז מ׳וועט אים נאָכיאָגן און איז געגאַנגען, נישט אָפּרוענדיק. די היץ איז געוועזן אומדערטרעגלעך׳ אַלע גלידער האָבן אים ווי געטאָן. די אויגן זיינען טונקל געוואָרן, די צונג—אָנגעשוואָלן. אומזיסט האָט ער געקוקט אין אַלע זייטן, זוכנדיק הילף, ער האָט כמעט פאַרלאָרן די חושים פון דאָרשט.

די זון איז געוואָרן אַ בלוט־רויטע, דער הימל—אַ טונקעלער, אַ שטורמווינט איז אָנגעלאָפן מיט אַ היילן, די לופט איז געוואָרן נאָך הייסער, אָטעמען נאָך שווערער. אלראי האָט זיך מער אויף

די פיס נישט געקענט האַלטן און ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן זאַמד.
זיילן שטויב האָבן זיך געטראָגן ביזן הימל און גיך געגומען איינדעקן דעם קרבן פון דער וויסטעניש. אַ טומל, אַ גערודער, אַ תהו ובוהו און אַ געדיכטע פינסטערניש האָבן פאַרדעקט דעם גאַנצן רוים.

## VI

דער קעמל שרעקט זיך, אַבדאַלאַך. מסתמא ליגט עפּיס אויפן וועג. גיב אַ קוק.

—איך שווער ביים הייליקן שטיין קאַאַבאַ—אַ טויטער! אַ רחמנות. דערלאַנג אַ שמיץ דעם קעמל, זאָל ער אַוועק פאַרביי דעם בר־מינן.

—אַבדאַלאַך, דער נביא האָט געהייסן רחמנות האָבן. מיר מוזן אַ בליק טאָן, צי ער איז טאַקי טויט, טאָמער לעבט ער נאָך.

דאָס האָט זיך אומגעקערט אַ קאַראַוואַן פון מעקאַ קיין באַגדאַד. טויזנטער קעמלען, אָנגעלאָדענע מיט סחורהס, זיינען געגאַנגען איינע נאָך די אַנדערע. רייטער און טרעגער גאַנצע מחנות האָבן דערגאַנצט דאָס בילד. אַלע זיינען געווען באַוואָפנט ביז די ציינער און אַ קורדישער שבט האָט פון הינטן באַגלייט דעם קאַראַוואַן אויף דעם שטח, וואָס ליגט אין זייערע גרעניצן. אַבדאַלאַך איז געווען דער געליבטער קנעכט ביים וואוילטעטיקן סוחר אַלי. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון קעמל און האָט גע־

נומען באַטראַכטן אלראי, וואָס איז געלעגן ווי אַ טויטער.
—דאָס איז, אפנים, אַ קורד,—האָט אַבדאַלאַך געזאָגט מיט אַ געלעכטער,—ווי קומט ער אַהער.
—נאָכן געזיכט איז ער נישט ענלעך אויף אַ קורד,—האָט זיך אַלי אָפּגערופן,—דאָס איז אַוודאי אַ פּיליגרים פון די בערג.

—מילא, ווער ער איז, אַבי ער איז טויט,—האָט דער קנעכט געענטפערט.
—גאָט איז גרויס!—האָט אַלי אויסגעשריען.—ער אָטעמט, זיין מאַנטל הויבט זיך אויף דער ברוסט.
—איך בין אַ כאַקים (אַ דאָקטאָר),—האָט זיך אָפּגערופן אַ בכבודיקער אַרמענער, וועלכער איז צוגעגאַנגען.—לאָזט מיר ביי אים אַ טאַפּ טאָן דעם דופק. אַ שוואַכער, נאָר ער קלאַפּט. געערטער אַלי, דערדאָזיקער יונגערמאַן קאָן נאָך לעבן.
—כאַקים, דו וועסט באַקומען דיין געצאָלט, אויב דער יונגערמאַן וועט אָפּלעבן,—האָט אַלי געזאָגט,—ער געפעלט מיר. ער איז מיר צוגעשיקט פון גאָט. ער וועט מיר נאָכטראָגן מיינע שיך.
דער אַרמענער האָט גענומען אַלראי און האָט אים געלאָזט בלוט. דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן רינען לאַנגזאַם, אָבער אָן אויפהער. דער יונגער ריש־גלותא האָט אָפּגעעפנט די אויגן.
—נישטאָ קיין גאָט אויסער אַלאַך!—האָט אַלי אויסגעשריען.

דער אַרמענער האָט אַרויסגענומען פון די קליידער עפּיס אַ געטראַנק און אַריינגעגאָסן דעם קראַנקן אין מויל אַריין. דאָס בלוט האָט אָנגעהויבן גיין גיכער.
—געערטער סוחר! ער וועט לעבן,—האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

—איך שווער ביים הייליקן שטיין קאַאַבאַ!—האָט פּלוצלונג אַבדאַלאַך אויסגעשריען.—דאָס איז אַ ייד!
—הונט!—האָט זיך אַלי אויסגעזידלט.
—פוי!—האָט זיך אַ קנעכט—אַ נעגער אָפּגעקערט מיט עקל.

—ער וועט שטאַרבן,—האָט געזאָגט דער קריסט דער דאָקטאָר און איז אַוועק, און געלאָזט די וואונד נישט קיין איבערגעבונדענע.

דער קאַראַוואַן איז אַוועק ווייטער. איין קורד איז אַוועקגעריטן פריער און ווען ער איז געקומען אויף דעם אָרט, וואו אלראי איז געלעגן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.
—וואָס פאַר אַ מיאוסער קנעכט אַזעלכער האָט פאַרוואונדעט מיי־נעם אַ ברודער!
ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד, האָט אָפּגעריסן אַ שטיק פון זיין בלויער העמד, אָפּגעשטעלט דאָס בלוט און אָפּגעפירט דעם אומגליקלעכן אלראי אין די הינטערשטע רייען פון קאַראַוואַן.

דער מדבר האָט זיך געענדיקט. דער קאַראַוואַן איז אַריינגע־טראָטן אין אַ פרוכטבאַרן פליין. די פאָדערשטע רייען האָבן אַרויסגעלאָזט אַ פריידנגעשריי. נאָך אַ חודש בלאָנדזשעניש אין מדבר, האָבן די רייזנדע דערזען דעם טייך פרת.
די ברייטע קילע ריינע וואַסערן האָבן מיט קראַפט געפּליצט אין זייער שיינע פרוכטבאַרע ברעגעס. אַ מונטערנדער ווינטל האָט געבלאָזן און באַגייסטערט אַלץ, וואָס אַרום. דאָ זיינען קראַנקע געוואָרן געזונט, אומגליקלעכע—געטרייסט און געזונטע און פריילעכע זיינען געווען פול מיט אַנטציקונג.

---

אויף מאָרגן נאָך דעם, ווי דער קאַראַוואַן איז אָנגעקומען, האָט דער באַגדאַדער מאַרק פאָרגעשטעלט אַ באַלעבט און פראַכטפול בילד. די טייערסטע קליינאָדן פון גאָר דער וועלט זיינען דאָ געווען. אַלע רייכטימער פון נאָענטע און ווייטע לענדער האָבן זיך דאָ געפונען. און דער מאַרק איז פול געווען מיט מענטשן פון אַלערליי אומות און פון אַלערליי אמונות, און פון אַלערליי געאָגראַפישע ברייטן.
איבער די לאַנגע שמאָלע, מיט סופיטן געדעקטע און קרומע געסלעך, פאַרדריקטע צווישן צוויי רייען קלייטן, האָט אַלץ גע־אָטעמט מיט מסחר. פלוצלונג האָט זיך באַוויזן אַ רייטער, וועל־

כֿער איז פון אויסזען נישט ענלעך געווען אויף אַ געוויינלעכֿן מענטשן. פאַר אים זיינען געפאָרן צוויי פּאַזשן, אָנגעטאָנענע אין פּורפּור מיט לאַנגע גאָלדענע פּרענז אויף די פּורפּורנע היטע־לעך. איינער האָט אין האַנט געהאַלטן אַ פּאַקעט פון בלויען סאַמעט, דער צווייטער—אַ פּאַרמאַכֿט בוך אין אַ רייכֿן באַנד. פיר באַוואָפנטע מענטשן האָבן צופוס באַגלייט דעם הער, וואָס איז געפאָרן פון הינטן אויף אַ מילכֿווייסן מוילאייזל רייטנדיק. דאָס איז געווען אַ מאַן אין ד' מיטעלע יאָרן, זייער אַ שיינער און רייך געקליידטער.

—ווער איז דאָס?—האָט געפרעגט אַ מצרישער סוחר, וואָס האָט דאָ ביי איינעם געקליבן סחורה,

—דאָס איז דער גרויסער כֿאָנאַאין,—האָט מען אים געענטפערט.

—ווער־זשע איז ער—דעם קאַליפס זון?

—ניין, פיל העכֿער—דעם קאַליפס דאָקטאָר.

—גיכֿער, פּאַזשן!—האָט כֿאָנאַין פּלוצלונג אויסגעשריען.—וואָס איז דאָרטן פאַר אַ טומל? איבראַהים, מאַך מיר פריי אַ וועג. וואָס איז דאָרט אַזוינס?

דערווייל איז דער המון צוגעגאַנגען נאָענטער, שטופנדיק פאָרויס אַ יונגנמאַן, וועלכֿער האָט זיך דאָך נישט געלאָזט, הגם ער איז געווען זייער אָפּגעצערט.

—צום שופט! צום שופט!—האָט געשריען איינער, וואָס איז גע־גאַנגען פריער, און דאָס איז געווען אונזער באַקאַנטער אַבדאַ־לאַך.—שלעפּט אים צו שופט!

—איידעלער הער!—האָט דער יונגערמאַן אויסגעשריען; ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון די, וואָס האָבן אים צוגעהאַלטן און זיך אָנגעכֿאַפּט פאַר כֿאָנאַינס קלייד.—איידעלער הער! איך בין אומ־שולדיק, העלף מיר!

—צום שופט!—האָט אַבדאַלאַך געשריען.—דערדאָזיקער אָשוסט האָט ביי מיר צוגעגנבעט אַ רונג... דעם רונג, וואָס מיין געטרייע פאַמיליע האָט מיר געשיינקט אונטער דער חופּה. און וועל אים נישט אָפּגעבן פאַר אַלע אוצרות פון מיין האַר.

דער יונגערמאַן האָט פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט כּאָנאַינס קלייד. ער האָט קיין כּוח נישט געהאַט צו ריידן, האָט ער [illegible] כּאָנאַינען נאָר געקוקט מיט בעטנדע אויגן.
—שטילער!—האָט כּאָנאַין געהייסן,—איך וועל זיין אייער שופט.

—דער גרויסער כּאָנאַין! הערט דעם גרויסן כּאָנאַין!
—רייד דו, וואָס דו שרייסט אַזוי,—האָט כּאָנאַין געזאָגט צו אַב־דאַלאַכן.—וואָס זיינען דיינע ס[illegible]ת?
אַבדאַלאַך האָט גענומען דערציילן ווי דעם רונג האָט איב געשיינקט זיין ווייב פאַטימאַ, [illegible] בשעת ער איז איינגעשלאָפן אין קאַוויאַרניע, האָט דער יונגערמאַן ביי אים דעם רונג אַרויסגעגנבעט.
—אָ,—האָט ער געיאָמערט,—איך האָב עדות, אַז איך בין געשלאָפן!
—און וואָס ווערסטו, יונגערמאַן, זאָגן?—האָט כּאָנאַין געפרעגט ביי יענעם.
—אַז ער איז אַ פאַלשער באַטריגער, און זאָגט ליגן, ווי אַ קנעכט איז געוויינט.
—צו שאַרף געזאָגט, אָבער ענלעך אויף אמת,—האָט כּאָנאַין געענטפערט.
און אַבדאַלאַך האָט זיך פאַנאַנדערגעשריען:
—דו זאָגסט אויף מיר קנעכט! דו ווילסט איך זאָל זאָגן, ווער ביזטו? אייער הויכהייט! אים טאָר מען נישט הערן. עס איז גאָר מיאוס, איר זאָלט אויף אים קוקן. איך שווער ביים הייליקן שטיין,—און איך בין אַ כאַדזשי—כ׳בין געגאַנגען קיין מעקאַ—ביי מיר איז קיין ספק נישטאָ, אַז ער איז אַ ייד.
כּאָנאַין איז עטוואָס בלאַס געוואָרן און האָט פאַרביסן די ליפּן! עס איז אים, קענטיק, נישט אָנגענעם געוואָרן, וואָס ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דעם ענין, וואו אַ ייד, אַ פאַרהאַסטע באַשעפעניש, איז פאַרמישט. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט אָפּזאָגן פון דעם יונגנמאַן, וואָס ער האָט ערשט מיט אַ ביסל צייט פריער גענומען אונטער זיין שוץ. האָט ער גענומען אויספרעגן,

ווי אַזוי קומט צו אים דער רונג. יענער האָט דערציילט.
—דעמדאָזיקן רונג האָט מיר געגעבן מיינער אַ נאָענטער גוטער פריינט, בשעת איך האָב מיך געזעגנט אין וועג אַריין צו די הייליקע ערטער. אויסער דעם מענטשן, וואָס האָט מיר אים געגעבן, איז אויף דער וועלט פאַראַן נאָך איין מענטש, וועלכן איך האָב געקענט דעם רונג אָפּגעבן. איך האָב יענעם קיינמאָל אין געזיכט נישט געזען. דאָס קאָן אויסווייזן משונה, דאָס איז אָבער אמת. איך בין געווען זייער אויסגעמאַטערט פון וועג, בין איך אַריין אין אַ קאַראַוואַנסעראַי. שלאָפן האָב איך נישט געקענט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך גיי אויס פון שוואַכקייט. און אפשר וואָלט איך טאַקע אויפן אָרט געשטאָרבן. נאָר דערדאָזיקער רויבער האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן, ביז איך וועל שטאַרבן און האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין צושטאַנד, וועלנדיק אַוועקרויבן פון מיר דעם רונג מיט דעם שטיין, וועלכער איז מיר טייערער פאַר מיין לעבן.
—באַווייז דעם שטיין.
דער יונגערמאַן האָט דערלאַנגט. כאָנאַין האָט אים אַ טאַפּ געטאָן ביים דופק און נאָכדעם גענומען דעם שטיין.
—אוי, מיין פאַמיטאַ!—האָט אַבדאַלאַך געשריען.
—שווייג!—האָט כאָנאַין געהייסן.—פּאַזש, טו אַ רוף אַ יובעליר.
כאָנאַין האָט אַ לייגנגערע צייט באַטראַכט דעם שטיין. עס האָט אויסגעוויזן, ווי די ליכטיקייט וואָלט אים געשטערט און ער האָט פאַרמאַכט מיט די הענט די אויגן. אַזוי האָט זיך זיין געזיכט אַ לייגנגערע צייט נישט געזען.
דער יובעליר איז געקומען און האָט אָפּגעשאַצט דעם שטיין אין טויזנט דינרים.
—נו,—האָט כאָנאַין געזאָגט צו אַבדאַלאַכן,—ווי די מעשה איז, ביזטו גרייט פאַר טויזנט דינרים אָפּצוזאָגן זיך פון רונג?
—פאַרשטייט זיך!—האָט אַבדאַלאַך אויסגעשריען.
—און דו, יונגערמאַן, וועסט פאַר אַ טאָפּלטן פּרייז אָפּזאָגן זיך פון שטיין?
—מיין האַר,—האָט דער יונגערמאַן געזאָגט,—איך האָב געזאָגט

אמת: איך קאָן דעם שטיין נישט אַוועקגעבן אַפילו פאַר דעם קאַליפס פּאַלאַץ.

—דער אמת ווייזט זיך אַרויס,—האָט כאָנאַין אויסגעשריען.—יונ־גערמאַן! דער רונג איז דיינער. און דיר, ליגנער, גנב, דיר שמיץ. איבראַהים, זע, מען זאָל אים אָפּציילן פינפהונדערט. און דו, יונגער פּיליגרים, ביזט שוין מער נישט איינזאַם און הילפ־לאָז, קום מיט מיר אין מיין פּאַלאַץ.

# VII

באַנאַין האָט אויפגעהויבן די אויגן פון אַ באַמאָלטער מגילה, וואו ער האָט ביז איצט געקוקט, און האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט. עס איז אַריין אַ קנעכט.

—וואָס הערט זיך מיט דעם יידישן יונגנמאַן, אַלנאַשאַר?

—מיין האַר, די היץ איז ביי אים אָפּגעפאַלן. ער איז עטלעכע שעה געשלאָפן. איצט איז ער אויף. ער איז שוואַך, נאָר געזונט.

—זאָל ער אַריין צו מיר.

דער קנעכט איז אַוועק און אַלראַי איז אַריין. די אויגן—איינגעפאַלן, אָבער דאָס געזיכט האָט אויסגעדריקט גרויסן אַדל. אין בליק האָט געשיינט געדאַנק און ליידנשאַפט. כאַנאַין האָט געפילט, אַז עפּיס ציט אים צו דעם יונגנמאַן.

—ווי פילסטו זיך?

—זייער גוט, מיין הער. איך בין דיר געקומען באַדאַנקען. איך האָב גאָרנישט אויסער ווערטער, נאָר די ברכה פון אַ יתום ברייִנגט גליק.

—ביזטו אַ יתום?
—איך האָב קיינעם נישט, אויסער דעם פאָטער אין הימל, דעם גאָט פון מיינע עלטערן.
—ווי איז דיין נאָמען, וואָלט איך וועלן וויסן, אויב מ׳מעג, ווי־באַלד דו געהערסט איצט צו מיין הויז.
—מיין נאָמען איז דוד.
—דוד, ביי דיר איז פאַראַן אַ רונג מיט אַ שמאַראַגד, וואָס אויף אים זיינען אויסגראַווירט משונהדיקע אותיות, ווי מיר שיינט—יידישע.
—פאַראַן.
—אַ שיינער שטיין. וואָס באַטייט די אויפשריפט?
—גאַנץ פשוט: „אין צעשיידונג נישט געשיידט". דאָס איז אַן אָנדיינקען וועגן אַ ליבנדן ברודער.
—וועגן דיין ברודער?
—איך האָב קיינמאָל קיין ברודער נישט געהאַט.
—מיר געפעלט זייער דער רונג. באַטראַכט זיך. קוק זיך אַרום, וואָס געפעלט דיר ביי מיר אין הויז, און נעם זיך פאַר דעם־דאָזיקן רונג.
—איידעלער הער! דערדאָזיקער רונג איז ווייניק ווערט. נאָר ווען ער וואָלט אַפילו ווערט געווען גאָר די געלט, וואָלט ער נאָך אַלץ נישט געקלעקט אָפּצודאַנקען דיר פאַר די גוטס, וואָס דו האָסט מיר געטאָן. אָבער דער רונג געהערט נישט מיר. מאָרגן קאָן איך באַגעגענען דעם פרעמדן מענטשן, וואָס האָט רעכט אויף אים.
—ווער איז ער, דערדאָזיקער פרעמדער?
—דאָס איז דער ברודער פון דעם, וואָס האָט מיר דעם רונג געגעבן.
—יאַבאַסטערס ברודער?
—יאַבאַסטערס!—האָט דוד אויסגעשריען אַ פאַרוואונדערטער.
—יאָ, דאָס בין איך יענער נישט געשיידטער ברודער.
—ווי גרויס איז גאָט פון ישראל! נעם דעם רונג. אָבער ווי קומט עס. יאַבאַסטערס ברודער—אַ פירשט אין אַ טורבאַן! אַ מו־סולמענער. זאָג מיר, דו האָסט דאָך נישט געפעלשט אין דיין

פאָלק און אין זיין תורה—איך וועל דיך בענטשן דערפאַר!
—איך האָב אין קיין גאָט נישט געפעלשט. באַרואיק זיך, ליבער יונגערמאַן. מיר וועלן וועגן דעם ריידן אַן אַנדערש מאָל. איצט לאָמיר ריידן וועגן ברודער און וועגן דיר. ער לעבט? און לעבט גוט?
—ער לעבט מיטן גלויבן, אַז דעם רעכטפאָרטיקן איז שטענדיק גוט.
—איידעלער טרוימער! נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן אונטער־שייד אין אונזערע נשמות, האָב איך אים שטענדיק ליב גע־האַט? דו ביזט דאָך נישט דאָס, פאַרוואָס דו ווייזט זיך אַרויס. דערציייל מיר אַלץ. יאַבאַסטערס פריינט קאָן נישט זיין קיין מענטש מיט אַ געוויינלעכער נשמה. דיין געזיכט רעדט פאַר דיר. פאַרטרוי זשע מיר דיין סוד.
—איך בין אלראי.
—ווי? דער עקסילאַרך?
—יאָ.
—דער, וואָס האָט געטויט אַלשיראָכן?
—צום אומגליק.
—דאָס איז אַ נס פון גאָט, וואָס איך האָב זיך פאַר דיר אָנגע־נומען. איך האָב דיך גלייך ליב געקראָגן. נאָר וואָס טוסטו דאָ? פאַר דיין קאָפּ איז באַשטימט אַ פּריז. דו ווייסט גאָרנישט וועגן דעם?
—איך הער ערשט, אָבער דאָס וואונדערט מיך נישט און באַ־אומרואיקט אויך נישט. איך בין פאַרנומען מיט אַ געטלעכן ענין.
—וואָס־זשע טוסטו? וואָס האָסטו אין זינען?
—באַפרייען גאָטס פאָלק.
„יאַבאַסטערס דערציונג", האָט כאָנאַין אַ טראַכט געטאָן... „איך זע שוין אַלץ. אַ נייער קרבן פון זיינע חלומות. מ׳דאַרף דעמ־דאָזיקן יונגנמאַן ראַטעווען".
—דוד,—האָט ער געזאָגט,—אַנדערש טאָר מען דיך דאָ אין דער שטאָט נישט רופן. די זון איז פאַרגאַנגען. לאָמיר אַרויף אויף דער טעראַסע. דאָרט איז איצט לופטיק.

—די שטים האָט זיך פאַרט געהערט... אַן אָפּקלאַנג פון יענער שטים, וואָס האָט אַמאָל גערופן צו שמואל הנביא.
—דו דערציילסט מאָדנע זאַכן, דוד. אָבער איך האָב געהערט דערקלערונגען פאַר נאָך וואונדערלעכערע זאַכן.
—מיין גלויבן איז פעלזנשטיין.
—דו קאָנסט זיך אָן אים שעדיקן. דו ביזט נאָך יונג, דוד.

—יונגקייט איז דען אַ חסרון? איך האָב געלערנט און האָב טיף אריינגעדרונגען.
—אין וואָס?
—אין אַלע הייליקע זאַכן.
—פונוואַנען ווייסטו, אַז זיי זיינען הייליק?
—זיי זיינען דער טיפער אויסדרוק פון גאָטס ווילן.
—לויט יאַבאַסטערס מיינונג, דוד. פרעג דעם מענטשן, וואָס איז מתפלל אין יענעם מעטשעט, וועט ער זאָגן, אַז יאַבאַסטער איז נישט גערעכט.
דו ביזט אַ מוסולמענער!
—ניין, אַ מענטש.
—אָבער פאַר וועמען ביזטו מתפלל?
—וואָס איז תפלה?
—דער חוב פון יעדער באַשעפעניש צו זיין באַשעפער.
—ווער איז ער—דער גאָט פון ישראל?
—געוויס.
—אויב אַזוי, האַלטן פון אים נישט פילע, דוד!
—מיר זיינען אַ דערוויילט פאָלק.
—דערוויייל פאַר חרפות, עינויים און יסורים. דערקלער מיר אַזאַ מין דערוויילטקייט.
—דו ביזט ווירקלעך יאַבאַסטערן אַ ברודער?
—אַזוי האָט אונז געזאָגט אונזער מוטער, אַ צאַרטע איידעלע פרוי.
—כאָנאַין, דו ביזט רייך, געלערנט און מעכטיק. דיר איז גוט. אָבער ווען אָנשטאָט ברכות און אָנשטאָט בוקן זיך פאַר דיר,

וואָלסטו באַקומען, ווי דיינע ברידער, נאָר קללות און שטורכעס; אַז דו וואָלסט אַלע פרימאָרגן געדאַרפט אויפשטיין, כדי פון ס׳ניי צו פילן, אַז דיין לעבן איז—חרפה, און כדי צו זען, אַז אַלץ, וואָס רינגלט דיך אַרום, קערט זיך פון דיר אָפ, ווי פון עפיס אַ מיאוסקייט; אַז דו וואָלסט געהאַט אַזאַ מזל, ווי מיר, אַפילו ווי די בעסטע פון אונז, צו לעבן שטענדיק אין דערנידעריגטקייט און אין אומבאַוואוסטקייט, אָן האָפנונג און אָן אַ ציל—און דאָס אַלץ ביי דעם געפיל פון אינעווייניקסטער ווערדע און טיפער איבערצייגטקייט אין דער הויכֿקייט פון דער אייגענער אָפשטאַמונג,—דו, כֿאָנאַין, וואָלסט דעמאָלט אויך, מסתמא, געפינען, אַז דערדאָזיקער צושטאַנד אונזערער באַרעכֿטיקט פולקום אונזער שטרעבונג צו באַפרייונג און צו רום.

—זיי מיר מוחל, דוד. איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט יאַבאַסטערס אַ תלמיד, אַ טרוימער, נאָר איצט זע איך, אַז דו האָסט אַ גרויסע ערגייציקייט.

—איך בין אַ פירשט, און וואָלט וועלן זיין אַ פירשט אָן קייטן.

—הער מיך אויס, אלראַי,—האָט כֿאָנאַין שטיל געזאָגט, אַרומנעמענדיק אים.—איך בין דיר אַ גוטער פריינט. מיר זיינען, אמת, נישט לאַנג באַקאַנט. נאָר איך האָב דיך ליב. איך בין גרייט אָפגעבן פאַר דיר דאָס לעבן. איך ווייס נישט פאַרוואָס, איך ווייס נישט ווי אַזוי. נאָר מעגסט זיין זיכֿער אין דעם. דו זעסט, ווער איך בין—אַ ייד, הגם קיינער ווייס וועגן דעם נישט, אַ זון פון פאַרהאַסטן פאָלק, וואָס דו שטייסט ביי אים אין דער שפיץ. איך האָב אויך געוואָלט זיין פריי און געערט. איך האָב אויך געזוכֿט פרייהייט און כבוד. נאָר איך בין אַליין געווען מיין משיח. איך בין באַצייטנס אַוועק פון אונזערע אומגליקלעכֿע פרובן. אמת, איך בין שוין דורכֿגעגאַנגען דעם נסיון. פרעג יאַבאַסטערן, ווי איך האָב מיך געשלאָגן אונטער זיין פאָן. נאָר מיין יונגקייט האָט מיר געקענט דינען פאַר אַ טעם צו פאַרגעבן מיר די נאַרישקייט. איך האָב פאַרלאָזט מיין לאַנד, האָב מיר איבערגעגעבן די וויסנשאַפטן און האָב געלעבט צווישן גריכֿן.

פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָב איך מיך צוריקגעקערט מיט אַלע זייערע חכמות. קיינער האָט מיך דאָ נישט געקענט. איך האָב אָנגעטאָן זייער טורבאַן, און אָט בין איך איצט דער באַרימ־טער כאַנאַין. טו, ווי איך, דור, וועסטו אויסמיידן גרויסע אומ־גליקן. דאָ וועט דיך קיינער נישט דערקענען, איך וועל דיך אַריינברענגען אין דער העכסטער מוסולמענישער געזעלשאַפט. אַלץ איז פאַר דיר אָפן. וואַרף אַרויס דעם אומזין פון קאָפּ. ביי היינטיקן געפאַלענעם צושטאַנד פון דער מלוכה וואָלסטו זיך געקאָנט אַפילו אויסשניידן אַן אייגענע מלוכה, וועלכע וועט זיין אָן אַ שיעור שענער פאַר יענס מאָגער לאַנד, וואו „עס רינט מילך און האָניק". איך האָב געזען יענס לאַנד, וואוהין דו שטרעבסט מיט דער גאַנצער נשמה, מיין זון: אַ ווילדער פעלזנשטיין...

כאַנאַין האָט זיך אָנגעבויגן און איינגעקוקט דודן אין געזיכט מיט אַ פאַרשנדן בליק. די לבנה־שיין האָט באַלויכטן דעם עק־סילאַכרס אַנטשלאָסן געזיכט.

—כאַנאַין,—האָט דוד געזאָגט, דריקנדיק אים די האַנט,—איך דאַנק דיר. דו קענסט מיך נישט, נאָר איך דאַנק דיר.

—הייסט עס, ביזטו גרייט...

—אויף רום, אויף אייביקן רום.

—עס איז דען מעגלעך אַ גליקלעכער סוף דערפון?

—עס איז דען מעגלעך אַ נישט קיין גליקלעכער?

—דו ביזט משוגע.

—איך גלויב.

—גענוג. דו האָסט נאָך אַן אויסוועג. דו דאַרפסט באַקומען שלמהס סצעפּטער. דאָס זוכן דאַרף ביי דיר געדויערן אַ גאַנץ יאָר. נאָר אַ יאָר איז פאַר דיר גאָרנישט. דו ביזט נאָך גענוג יונג. אויב דו וועסט פאַר אַ יאָר צייט געפינען דעם סצעפּטער—בין איך דיין אונטערטאַן. נאָר, גלויב מיר, דו וועסט צוריקקומען קיין באַגדאַד. און דעמאָלט וועסטו אָננעמען מיין פאָרשלאָג. איצט איז אַרויסגעפאַלן דער נאַכט־טוי. לאָמיר אַריין אין צימער.

# VIII

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעמדאָזיקן שמועס איז אַלראַי געלעגן אין סאָד און האָט גערוט, פֿאַרזונקען אין מחשבות וועגן זײַן צוקונפֿט. כאָנאַין איז צוגעגאַנגען און האָט אים גע־רופֿן.

—גיי נאָך מיר.

אלראַי איז אַוועק נאָך אים. זיי זײַנען אַרײַן אין הויז, אַדורכ־געגאַנגען עטלעכע צימערן און אַוועק איבער אַ לאַנגער גאַלעריע, וואָס האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ ברייטער טרעפּ. די טרעפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום טייך הידקל, וועלכע איז געווען פֿאַרגאָסן מיט זון. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ געדעקטן שיפֿל. דאָס שיפֿל האָט זיי אַרויסגעפֿירט אויפֿן מיטן טייך. זיי זײַנען אַוועקגעשוואומען ווײַטער. בײַ אַ שעה האָט עס געדויערט, און זיי זײַנען אַרויס אויף דער טריקעניש אין אַ קיפּאַריסן־וועלדל. דאָ איז געשטאַנען אַ רײַכער פּאַלאַץ, באַפּוצט מיט ווײַ־עס און מיט גאָלדענע געמעלן, מיט קופּעלן און מיט הויכע

שלאַנקע טורמס. זיי זיינען אַריין אין אַ טירל. כאַנאַין האָט אָנגעזאָגט אלראי: „געדיינק, אַז דו ביזט, דאָ אַלס אַ סריס, אַ טויבשטומער. ווער עס זאָל זיך צו דיר נישט ווענדן — דו מוזט שטענדיק שווייגן, אויב דיר איז טייער אונזערביידנס לעבן".

כאַנאַין האָט אלראַין דורכגעפירט דורך גרויסע רייכע זאַלן, מיט באַפּוצונג פון טייערע שטיינער און געוועבן, מיט מירמלנע בילדער און פאָנטאַנען. פונדאַנען זיינען זיי אַרויס אין אַ סאָד, וואָס איז געווען באַוואַכט פון סריסים, אָנגעטאָנענע אין זייד און אין פורפור. צום סוף פון דער אַלייע, וועלכע איז געווען באַפּוצט מיט קאָלאָנעס, איז ווידער געווען אַ פּאַלאַץ מיט אַלער־ליי פאַנטאַסטישע באַפּוצונגען. און פונדאַנען זיינען זיי ווידער אַרויס אין אַ גאָרטן, וואו אַ נישט קיין אָפּגערייניקט שטעגעלע האָט זיי געבראַכט צו אַ קיאָסק מיט אַ פולע פענסטער, וועלכע זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט שטאָרן.
כאַנאַין איז אַליין אַריין אין קיאָסק. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער דורך אַ פענסטער געגעבן אלראי אַ סימן, ער זאָל אויך אַריין. נאָר מורא האָבנדיק, עס זאָל עפּיס נישט אַרויס קיין מיספאַרשטענדניש, איז ער אַליין אַרויס צו אים אַנטקעגן. ער האָט אים שטילינקערהייט נאָך אַמאָל מתרה געווען: „געדיינק, אַז דו ביזט אַ טויבשטומער סריס". אלראי האָט זיך קוים איינ־געהאַלטן פון אַ שמייכל טאָן. זיי זיינען ביידע אַריין אין קיאָסק.

צוויי פרויען מיט פאַרדעקטע פנימער און צוויי סריסים פון דער וואַך האָבן זיי באַגעגנט אין פירהויז. פונדאַנען זיינען זיי אַריין אין אַ זאַל, וואָס האָט פאַרנומען כמעט די גאַנצע לענג פון קיאָסק. דער זאַל איז געווען באַפּוצט מיט העלפאַנד־ביין, מיט גאָלד און מיט פּערל. אין עק פון דעמדאָזיקן זאַל איז געשטאַנען אַ דיוואַן, באַשלאָגן מיט העל גרינעם זייד, מיט אויסנייעכץ פון פּערל. די קישנס אויפן דיוואַן זיינען געווען פון ווייסן סאַמעט מיט גאָלד. אויף איין קישן אַזעלכן איז געזעסן אַ יונגע מיידל. זי האָט דורכגעקוקט אַ בוך, וואָס איז

געלעגן ביי איר אויף די קני, און אין דערזעלבער צייט האָט
זי מיט איין האַנט געשפּילט מיט פּאַטשערקעס פון פּערל און
פון שמאַראַגדן און אין דער צווייטער האָט זי געהאַלטן אויף
אַ לאַנגער גילדערנער קייט אַ איגדין.
אַז כאָנאַין איז אַריין מיט דודן, האָט זי אויפגעהויבן די אויגן.
זי איז געווען זייער יונג, נישט עלטער פאַר דודן. איר שיינ־
קייט האָט געבלענדט די אויגן.

# IX

כאָנאַין איז צוגעגאַנגען און האָט זיך פאַרנויגט. אלראי איז געבליבן פון ווייטן.

—מ׳האָט מיר געזאָגט,—האָט דער דאָקטאָר אָנגעהויבן מיט אַ שמייכֿל,—אַז די רויז פון דער וועלט האָט היינט אינדערפרי אָנגעהויבן וועלקן, האָב איך, איר קנעכֿט, גיכֿער געאיילט קומען צו איר.

—דאָס איז געווען אַ דרום־ווינט. נאָר ער איז אַריבער, און די רויז פון דער וועלט פילט זיך בעסער,—האָט די מיידל געענט־פערט לאַכֿנדיק.

כֿאָנאַין האָט בײַ איר אַ טאַפּ געטאָן דעם דופק.

—נישט קיין געשטעלטער.

—ווי איך אַליין. דאָס איז אַ נייער קנעכֿט?

—נאָר וואָס געקויפט. קאָסט טייער. אַ גאַנץ פיינער און האָט די מעלה, וואָס ער איז טויב און שטום און אין אַלע הינזיכֿטן א משעדלעך.

—אַ שאָדן,—האָט זי געענטפערט.—ס'ווייזט אויס, אַז אַלע שיינע זיינען געבוירן, כּדי צו זיין אומגליקלעכע. למשל, איך.
—אָבער מ'דערציילט, אַז ס'איז גאָר אַנדערש. דער יונגער קעניג פון קאַרעזמאַ.
—עט. אַ באַרבאַר.
—אַ העלד!
—דו האָסט אים געזען?
—פאַרשטייט זיך.
—אַ שיינער?
—אַ מלך.
—ער האָט ליב גרויסאַרטיקייט? די רויב פון דער גאַנצער וועלט וועט ליגן צו אייערע פיס.

—איך בין מיד פון לוקסוס. איך האָב זיך איינגעאָרדנט דעמ־דאָזיקן קיאָסק, כּדי צו פאַרגעסן אָן דעם.
—דער קיאָסק איז טאַקע אַ לוקסוס,—האָט כאָנאַין געזאָגט, אַרומ־קוקנדיק זיך מיט אַ שמייכל.
—דו האָסט מיר געבראַכט ביכער?
—יאָ, ביי מיין קנעכט.
כאָנאַין האָט גענומען פון אַלראַיס הענט צוויי בענדער גריכי־שע לידער, וואָס ער האָט אים געגעבן טראָגן.
—פּאָעזיע איז מיר מיאוס געוואָרן,—האָט די פּרינצעסין געזאָגט, אַ קוק טאָענדיק אין די ביכער.—דערצייל מיר עפּיס נייס, כאָנאַין.

—דער יונגער קעניג פון קאַרעזמאַ...
—ווידער וועגן דעמדאָזיקן באַרבאַר! ער האָט דיך אונטערגע־קויפט. איך וויל וועגן אים נישט הערן. פאַרלאָזן די איצטיקע תּפיסה, כּדי אַריינצופאַלן אין אַן אַנדערער. ניין, טייערער כאָנאַין, אויב איך וועל חתונה האָבן, איז צוליב דעם, איך זאָל זיין אַ פרייע.
—דאָס איז אוממעגלעך.
—מיין מאַמע איז געווען אַ פרייע איידער זי איז געוואָרן אַ

קעניגין און אַ שקלאַפין. איך רעכן ענדיקן מיט דעם, מיט וואָס
זי האָט אָנגעהויבן. איר ווייסט, ווער זי איז געווען?
כּאָנאַין האָט זיך געמאַכט, כלומרשט ער ווייסט נישט.
—זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ רויבער,—האָט די פרינצעסין
ווידער גערעדט.—און זי האָט זיך געשלאָגן אין איין ריי מיט
איר פאָטער. אָט דאָס איז אַ לעבן: איך וואָלט וועלן זיין אַ
רויבערין. דאָס ליגט שוין, אפנים, אין מיין נאַטור... כּאָנאַין, די
אינדין האָט אָפּגעריסן די קייט און עסט אויף מיינע רויזן
אלראי איז גיך צוגעלאָפן און האָט געכאַפּט די אינדין. ער
האָט די קייט דערלאַנגט די פרינצעסן, וועלכע האָט אויף אים
אויפמערקזאַם אַ קוק געטאָן.
—סאַר אַ ליכטיקע אויגן עס זיינען ביי דעם קנעכט!—האָט זי
אויסגעשריען.—זעט, ווי ער איז רויט געוואָרן. ווען ער וואָלט
נישט זיין טויב און שטום, וואָלט איך מיינען, אַז ער האָט מיך
פאַרשטאַנען.
—ער איז זייער אַ באַשיידענער,—האָט כּאָנאַין געענטפערט, סטאַ-
רענדיק זיך באַהאַלטן זיין אומרואיקייט.—ער האָט זיך דערשראָקן.

—איך האָב ליב באַשיידנקייט. זי איז שיין. איך בין אויך באַ-
שיידן—אמת?
—אָן אַ ספק.
—און שיין.
—אָן אַ שיעור.
—אַך כּאָנאַין, ווען וועסטו מיר עפּיס זאָגן דערוווידער. אַלעמאָל
ביזטו מיט מיר מסכים. לאָז מיר אָפּ דיין קנעכט, כּאָנאַין.
—פאַרשטייט זיך,—האָט געזאָגט כּאָנאַין, סטאַרענדיק זיך אָפּוועגדן
דערפון דעם שמועס,—און אַז עס וועט קומען דער קעניג פון
קאַרעזמאַ, וועט איר אים דעם קעניג אַוועקשיינקען.
—געוויס! אָבער דער קעניג איז דאָך טאַקע אַ שיינער, אַ יונגער
און אַ מוטיקער. אַך, ווען ער וואָלט נאָך דערקלערט קריג די
גריכן!
—וואָס האָט איר צו די אומגליקלעכע גריכן?

—דו ווייסט דאָך, אַז זיי זיינען נישט קיין גלויביקע. חוצדעם איז מעגלעך, אַז זיי וואָלטן אים געטויט און איך וואָלט דע־מאָלט האָבן דעם פאַרגעניגן אַריינצופאַלן אין געפאַנגענשאַפט.

—אויסגעצייכנט!
—פראַכטפול! זיין אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און חתונה האָבן מיטן אימפּעראַטאָר! ער וואָלט זיך דאָך אין מיר געוויס פאַרליבט.

—אַודאי.
—דו גייסט שוין?
—מיינע וויזיטן טאָרן נישט צולאַנג געדויערן.
—גיי געזונט, טייערער כאָנאַן,—האָט די פּרינצעסן אומעטיק געזאָגט.—דו ביזט דער איינציקער קלוגער מענטש אין באַגדאַד, און דו פאַרלאָזט מיך. אַ ביטערער מזל מיינער: פּלן אַלץ און זיין גאָרנישט... קום אַהער, שטומאַק!
זי האָט געגעבן אַ צייכן אַלראַי, וועלכער איז אונטערגעגאַנגען און האָט זיך געקניט.
—נאַ, נעם זיך דידאָזיקע פאַטשערקעס פאַר דיין האַר און פאַר דיינע שוואַרצע אויגן.
כאָנאַין מיט אלראַי זיינען אַוועק און האָבן זיך אומגעקערט צו זייער שיפל. די זון איז פאַרגאַנגען. כאָנאַין האָט אויפגעהויבן די פאָרהאַנגען פון דעם שיפל. באַגדאַד מיט איר גאַנצן גלאַנץ מיט די מאַסן גרויסאַרטיקע בנינים און געדיכטע סעדער האָבן זיך באַוויזן. אלראַיס האַרץ האָט שטאַרקער אָנגעהויבן קלאַפּן, אָפּרופנדיק זיך אויף די גרויס עשירות און שיינקייט.
—אַ וואונדערלעך בילד—האָט ער געזאָגט.
—נישט ענלעך אויף האַמאַדאַן?
—היינט האָב איך געזען וואונדער.
—די גאַנצע וועלט איז פאַר דיר—נעם!—האָט כאָנאַין געזאָגט.

אלראַי האָט גאָרנישט געענטפערט. נאָר אין אַ רגע אַרום האָט ער אַ פרעג געטאָן:

—וועֶר איז זי דידאָזיקע פרוי?
—שירין, דעם קאַליפס ליבסטע טאָכטער.

---

די שיין פון דער לבנה איז געפאַלן אויף אלראי, וועלכער איז געלעגן אויף אַ דיוואַן. דאָס געזיכט האָט ער פאַרדעקט מיט דער האַנט. ער איז געלעגן אומבאַוועגלעך, הגם ער איז נישט געשלאָפן. פּלוצלונג האָט ער זיך אַ הויב אויף געטאָן און גע־נומען גיין איבערן צימער. ביי אַ שעה איז ער אַזוי אַרומגע־גאַנגען. נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צו אַ טישל, האָט גענומען די פּאַטשערקעס—שירינס מתּנה און האָט זיי צוגעדריקט צו די ליפּן.

שירין, שירין, ווי שיין דו ביזט! אָ, ניין, מער ווי שיין! דו ביזט ווי אַ פאַרטאָגיקער חלום! פאַרוואָס ביזטו נישט מיינע. פאַרוואָס זאָלן מיר לאָזן גיין פאַרלאָרן כאָטש איין רגע פון אונזער שטראַלנדיקן לעבן! פאַרוואָס זאָלן מיר לאָזן וועלקן דעם גלאַנץ פון אונזער מזל, וואָס וואָלט געקאָנט זיין אַזאַ גליקלעכער און אַ שיינער!”

„נאָר ניין, איך טאָר דאָס נישט טראַכטן. דעם קאַליפס טאָכטער און אַ—ייד!”

„גיט מיר דעם סצעפּטער פון מיינע עלטערן!”

—זיסע שטימע, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די הייליקע הויכן אין דער ווייטער הייל פון יאַבאָסטער, כּדי מיר אָנצו־שעפּטשען אַ טרייסט—קום ווידעראַמאָל! דרינג מיר ווידער אַריין אין מיין אויער דיין צויבערלעכן רוף און טרייב פון מיר אָפּ די שוואַרצע יאושדיקע געדאַנקען... עפּיס איז פאַראַן אַן אומ־רואיקייט אין דידאָזיקע גרויסע, מיט מענטשן פולע שטעט!”

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן געלעגער, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך טיף פאַרטראַכט. נאָר פּלוצלונג האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן, געכאַפּט אַ בלעטל פּאַרמעט און אויף אים אָנגע־שריבן:

„כֿאָנאַין! אַ גאַנצע נאַכֿט האָב איך דאָ פֿאַרבראַכֿט, ווי דוד אין מדבר זיף, נאָר, מיט גאָטס הילף, איך האָב זיך גובר געווען. איך אַנטלויף פֿון דערדאָזיקער שטאָט, וועלכֿע איז פֿול מיט סכּנות, צו טאָן די זאַך, צו וועלכֿער מיר איז שוין לאַנג צייט. אומצוקערן זיך. נעם אָן מיין דאַנקבאַרקייט און נישט פּרוב זיך זוכֿן מיך.״

# X

די זון הויבט זיך אויף העכער און העכער. אירע שטראַלן פֿאַלן, ווי אָנגעגליטער בליי אויף די שטיינערנע בערג. אַן איינזאַמער פּיליגרים קלעטערט אָנשטרייגנדיק די כּוחות, און ווען ער דערגרייכט דעם שפּיץ פֿון באַרג, לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף דער ערד. ער נעמט אַרויס פֿון זיין זאַק אַ פֿאַרטריקנטן קוכן, אַ ביסל האָניק פֿון ווילדע בינען און אַ קליין לאָגעלע וואַסער. זיין עסן געדויערט נישט לאַנג, און ער הויבט זיך אויף און גייט ווייטער אַוועק. ער איילט זיך צו זיין ציל, וועלכער לאָזט אים נישט רוען. ער גייט שנעל אַדורך די בערג און באַלד באַווייזן זיך איילבערטביימער. דער פּיליגרים שניידט דורך דאָס וועלדל און ער זעט פֿאַר זיך דעם צופֿוסן פֿון אַ הויכן באַרג, אַ שטוילן, כּמעט ווי אַ וואַנט. אַ שמאָלער טיפֿער טאָל טיילט דעם באַרג אָפּ פֿון אַ צווייטן אַנטקעגן, אויף וועלכן עס ליגט די שטאָט.

אַ שרעקלעך ווילדע לאַנדשאַפֿט. דער איינציקער סימן פֿון קול-

טור—די שטאָט, פאַרגרעסערט נאָכמער דעם שווערן איינדרוק פון דעם בילד. די שטאָט איז אַרומגענומען מיט אַ הויכער וואַנט, מיט טורמס אין אַלע עקן, מיט פענסטערלעך צום שיסן, און באַוואָפנטע וואַכן גייען אַרום און היטן די טויערן. אויף דעם העכסטן טורם פלאַטערן אַ פאָן, מיט אַ רויטן, רויטן צלם. סוף כל סוף האָט דער פּיליגרים־עקסילאַרך דערזען די הויפּטשטאָט, וואָס זיינע עלטערן האָבן פאַרלאָרן.

נאָך מיט אַ פּאָר חדשים צוריק וואָלט דערדאָזיקער אויסזען ביי אלראי אַרויסגערופן אַן אויסברוך פון ליידנשאַפטלעכע געפילן. אָבער די צייט, די ליידן און די שווערע פיינען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, האָבן אָפּגעשוואַכט דעם עקסילאַרכס התלהבות. ער האָט געקוקט אויף ירושלים, האָט געזען דודס שטאָט, וועל־כע איז פאַרנומען מיט אַ שטאַרקע מיליטערישע מאַכט פון צלם־טרעגער, און איבער וועלכער עס הייגגט די סכנה פון די אומ־צייליקע מחנות פון דער האַלבער־לבנה. די ריטער פון די קרייצ־צוגן, די פּאָרשטייער פון דער קריסטלעכער וועלט און די מו־סולמענער, האָבן, דוכט זיך, פאַר דעם עקסילאַרך אין די אויגן צווישן זיך קאָנקורירט, ווער עס זאָל געהערן די שטאָט, וואָס צוליב איר באַפרייונג האָט ער זיך געלאָזט אין זיין געפערלעכן וועג. ביי אים איז קיין ספק נישט געווען, אַז זיין אונטערנע־מונג וועט זיך איינגעבן: זיין גלויבן אין זיך איז געווען גע־נוג שטאַרק דערפאַר. ער האָט זיך אָבער אַרומגעזען, אַז די וועלט איז גאָרנישט אַזעלכע, ווי זי האָט אים אויסגעוויזן, בשעת ער האָט אַרומגעשפּאַצירט אין די סעדער פון האַמאַדאַן און גע־וואַנדערט איבער די בערג פון קאַווקאַז.

ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין טאָל יהושפט, און איבער דעם אַנטקעגנדיקן באַרג איז ער דורך די טויערן ציון אַריין קיין ירושלים.

אלראי האָט געוואוסט, אַז דער יידישער קוואַרטל געפינט זיך ערגיץ נישט ווייט פון דעם טויער. ער האָט זיך געווענדט צו דעם וועכטער, ער זאָל אים ווייזן דעם וועג. יענער האָט אָבער נישט געענטפערט. אַ פאַרבייגייענדיקער, זייער אָרים געקליידטער

זקן האָט אים אַ וואונק געטאָן, ער זאָל גיין נאָך אים.
—וואָס דאַרפסטו, פריינט,—האָט ער געפרעגט.—דו ביזט, אפנים, פון אַ ווייטן לאַנד, וואָרום נאָר אַ פרעמדער קאָן מיינען, אַז דידאָ־זיקע קריסטלעכע פראַנקן, וואָס הערשן איצט איבער ירושלים, וועלן זיך דערנידעריקן צו ריידן מיט אַ יידן. דו האָסט נאָך גוט אָפּ־געשניטן, וואָס ער האָט דיך נישט אויסגעזידלט, אָדער אָנגע־שלאָגן.
—זידלען, שלאָגן... דידאָזיקע הינט!..
—שטילער שטילער, אום גאָטס ווילן,—האָט דער דערשראָקענער אַלטער זייער אומרואיק אויסגעשעפטשעט.—דיר קומט עפּיס אַ חוב פון זייער גענעראַל, וואָס דו רעדסט אַזוי? מיר, יידן, ריידן אין ירושלים נאָר שעפטשענדיק.
—נו, גאָרנישט, גאָרנישט. מיט ווערטער וועט מען נישט העלפן... וואו איז אונזער קוואַרטל?
—אָט דאָ. פון וואַנען קומסטו, יונגערמאַן?
—פון באַגדאַד.
—פון באַגדאַד! באַגדאַד איז נישט ירושלים. די טערקן זיינען חיות, נאָר די פראַנקן—דאָס זיינען טייוולאָנים. קום, וועסט זיין מיין אורח. איך בין דער ירושלימער רב. מיר זיינען דאָ ווייניק, נאָר, מסתמא, וועט שפּעטער זיין בעסער.
—איך מיין אויך אַזוי. דאָס איז אייער הויז?
—יאָ. זייער אַן אָרימע, נאָר דו ביזט ביי מיר אַ גוטער גאַסט.

---

אַ גאַנצע וואָך איז אַריבער זינט אלראי האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דעם ירושלימער רבס גאַסטפריינטלעכער הויז. די גאַנצע צייט איז ער אַרומגעקראָכן איבער אַלע ווינקלעך פון שטאָט, זוכנדיק עפּיס, וואָס זאָל אים אָנווייזן, וואו קאָן מען געפינען דאָס אָרט, וואו עס זיינען די קברים פון די אַל־טע יידישע מלכים. ער איז געווען אין שול, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַ פינסטערער הייל אויפן בית־עלמין. ער האָט זיך צוגעהערט, וואָס די מתפּללים האָבן דערציילט וועגן

דעם עבר פון דער הייליקער שטאָט. אָבער אומזיסט. ער האָט קיין זאַך פון זיי נישט געקאָנט זיך דערוויסן.
איינמאָל איז אלראי אַרויס פּאַרנאַכט פון שער ציון אויסערן שטאָט. דער הר הזיתים האָט נאָך געפּלאַמט מיט דער רויטקייט פון דער שקיעה, נאָר צופוסן איז ביי אים דער עמק יהושפט שוין געלעגן איינגעוויקלט אין נאַכטשאָטנס. ער האָט זיך פאַר־קוקט, ווי די שטערן פינקלען אַרויס איינציקווייז און גרופּנווייז אין הימל. אַ מידער פון ציללאָזן אַרומגיין, האָט ער זיך אַראָפּ־געלאָזט אין טאָל. צופוסנס ביים באַרג האָבן זיך געהויבן דאָ און דאָרטן אָפּגעזונדערטע קבורות. אלראי איז אַריין אין איי־נער, איז אַדורך אַ שמאָלן קאָרידאָרל און אַריין אין אַ פירקאַנ־טיקן צימער. ביי יידע זייטן זיינען נעבן די ווענט געשטאַנען סאַרקאָפאַגן פון גראַניט, וועלכע זיינען אינעווייניק געווען פוס־טע. איינער איז געווען מיט אַ צובראָכענעם דעק. אלראי האָט אַראָפּגענומען דעם אויבערשטן בגד, האָט אים אויסגעשפּרייט אויפן דעק פון סאַרקאָפאַג און האָט זיך צוגעלייגט. אַ מידער איז ער גלייך אַנטשלאָפן געוואָרן צווישן די ליידיקע טרומנעס.
אין עטלעכע שעה אַרום האָט זיך אלראי אויפגעכאַפּט. ער איז אַרויס פון דער קבורה און אַוועק פּאַזע דער באַרגקייט, וואָס האָט זיך געצויגן פון הר הזיתים צום ירדן. עס איז געווען האַלבע נאַכט, אַ גאַנצע לבנה האָט באַשיינט דעם שמאָלן טאָל מיט קאַלטער ווייסער ליכטיקייט. אלראי האָט זיך אָפּגעשטעלט: פאַר אים איז געווען אַ פינסטערע לאָך פון אַ רויסער הייל. ביי אלראי האָט דאָס האַרץ גענומען העפטיק קלאַפּן. עפּיס אַן אומבאַשטימט געפיל האָט אים אַרומגענומען און האָט אים אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט אַ שרעקלעכער אימה. נאָר ער האָט פון זיך די אימה אָפּגעטרייסלט. ער האָט אַרויסגענומען אַ פייער־געצייג, אויסגעשלאָגן פייער, אָנגעצונדן אַ פאַקעל און איז אַריין אין הייל.
וואָס ווייטער, איז די הייל געוואָרן אַלץ שמעלער; און גייענדיק פאָרזיכטיק אַלץ ווייטער, האָט אלראי צום סוף דערזען אַ קינסט־לעך אויסגעבויערטע גאַלעריי. אַ מחנה פלעדערמייז האָט זיך

דערשראָקן אויפגעהויבן פון די ערטער און פאַרלאָשן דעם פאַקל.
אלראי האָט זיך צוגעזעצט אויסשלאָגן פייער און באַמערקט,
אַז אונטער אים גייט אַ ברוק.

די גאַלערייע האָט זיך געצויגן ווייט און אַלץ נידעריקער אַראָפּ.
די ווענט זיינען געווען געצייכנט מיט פאַרשידענע פאַנטאַסטישע
סימנים און בילדער. ביי אַ צוויי שעה איז אלראי געגאַנגען,
און ער איז לסוף געקומען צו אַ וואַסערפאַל. די וואַסערשפריצן
האָבן ווידער פאַרלאָשן דעם פאַקל. ער האָט אים צוריק געוואָלט
אָנצינדן, אָבער ער איז געווען שוין אַ נאַסער און האָט נישט
געברענט. אלראי איז אָפּהענטיק געוואָרן. אים האָט זיך געדאַכט,
אַז ער געפינט זיך אין אַ האָפנונגסלאָזער לאַגע. נאָר פּלוצלונג
האָט ער דערזען, ווי עפּיס אַ שיין אין דער געדיכטער פינס־
טערניש. עפּיס ווי אַ העלרויט וואָלקנדל איז געשוואומען צו
אים צו. דאָס וואָלקנדל איז באַלד צעשוואומען געוואָרן, און עס
איז געבליבן אַ שטערנדל, וואָס האָט געוואָרפן אַ זייל העלע
שטראַלן אויף דאָס וואַסער. אלראי איז צוגעגאַנגען און אין
דעם באַלויכטענעם טייל פון וואַסער האָט ער באַמערקט אַ שיפל
מיט אימיצן אַ מענטשן, וואָס איז אין דעם געזעסן לחלוטין
אומבאַוועגלעך. דוד האָט דאָס אַלץ אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן.
ער האָט שטיל געזאָגט: „אין דיין האַנט, גאָט, גיב איך איבער
מיין גייסט" און איז אַריין אין שיפל.

אין דערזעלבער רגע האָט דער שיפער אויפגעהויבן די רודערס
און דאָס שיפל איז אַוועקגעשוואומען. אין עטלעכע מינוט אַרום
איז דאָס שיפל אַריין אין דעם ברייטן רוים פון אַן אָזיערע,
אַ באַלויכטענע פון אַ לבנה־שיין. פון ווייטן האָבן זיך געזען
בערג. אלראי האָט געוואָלט באַטראַכטן דעם שיפער; האָט אויף
אים געקוקט מיט נייגיריקייט און מיט מורא; און יענער האָט
אפילו זיך נישט אַרומגעקוקט. לסוף איז דאָס שיפל צוגעשטאַ־
נען צום אַנטקעגנדיקן ברעג.

אלראי האָט דערזען אַ גאַנצע אַלייע מיט גרויסע, פון רויטן גראַניט
אויסגעהאַקטע לייבן; אַ באַקוועמע אויסגעצייכנטע טרעפּ האָט
אַרומגענומען דעם באַרג. אלראי איז אַוועק איבער דערדאָזיקער

אַלייע און איז גאָר גיך אַרויף אויפֿן שפּיץ. דאָרט האָט ער בעפֿונען אַ שיין באַפּוצטן אַריינגאַנג אין אַ גרויסאַרטיקן בנין, פֿירהונדערט פֿוס די הויך. איבער די טויערן זיינען געווען אויסגעשניטן יידישע אותיות. אלראַי האָט זיך צוגעקוקט און האָט געזען, אַז דאָס זיינען דיזעלביקע אותיות, וואָס אויף יאַבאַסטערס קמיע. אלראַי האָט אַרויסגענומען די קמיע און טוענדיק אַלץ, ווי יאַבאַסטער האָט אים אַמאָל אָנגעוויזן, האָט ער זי צוגעלייגט צו דער גרויסער טיר.

די טיר האָט זיך מיט אַ שרעקלעכן גערויש אָפּגעעפֿנט. דער דערשראָקענער עקסילאַרך איז, אַ בלאַסער, מיט ציטערדיקע פֿיס, אַריין אין אַן אומגעהויערן זאַל, וועלכער איז געווען באַלויכטן מיט גרויסע אָנגעגליטע מעטאַלענע קוילן. איןביידע זייטן זאַל זיינען געשטאַנען שורות גילדערנע טראָנען, און אויף זיי זיינען געזעסן פֿאַרגליווערטע פֿיגורעס אין קעניגלעכער קליידונג. אלראַי האָט אָנגעשטרענגט דעם גאַנצן מוט זיינעם און איז געגאַנגען ווייטער, אַרומקוקנדיק זיך אויף די זייטן, אַמאָל אויף דער שורה רעכטס, אַמאָל אויף דער שורה לינקס. אַזוי איז ער דערגאַנגען ביז צוויי באַזונדער שטייענדיקע טראָנען. אויף איינעם איז געזעסן אַן אײדעלער מאַן פֿון אומגעוויינלעכער וואוקס, די הענט פֿאַרלייגט אויף דער ברוסט און די אויגן אַראָפּגעלאָזט. אויפֿן קאָפּ איז ביי אים קיין קרוין נישט געווען, נאָר דער צעבראָכענער סצעפּטער אונטער זיינע פֿיס האָט עדות געזאָגט, אַז דער מענטש איז אַמאָל געווען אַ קעניג. אויף דעם צווייטן טראָן איז געזעסן אַ זקן מיט אַ לאַנגע באָרד, אין ווייסן אָנגעטאָן. זיין פּנים איז געווען אָן אַ שיעור שיין. זיינע אויגן זיינען געווען געהויבן צום הימל מיט ליבשאַפֿט און מיט דאַנקבאַרקייט. און די פֿינגער זיינען געלעגן אויף די סטרונעס פֿון אַ גילדערנער האַרפֿע. און נאָך אַ ביסל ווייטער און העכער אויף אַ טראָן, וואָס האָט פֿאַרנומען די גאַנצע ברייט פֿון זאַל, האָט אלראַי דערזען אַ קעניגלעכע פֿיגור, וואָס האָט געבלענדט די אויגן מיט איר גרויסאַרטיקייט. פּופּציק טרעפּ פֿון העלפֿאַנדביין, געהיטע פֿון גילדערנע לייבן. האָבן געפֿירט צו אַ טראָן פֿון יאַש־

מענשטיין, אַ העלע שיין האָט געשטראָמט פון דעם געטלעך שיי־
נעם געזיכט פון דעם מענטשן, וואָס איז געזעסן אויפן טראָן.
אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ חתימה, אין דער צווייטער —
אַ סצעפּטער.

אלראי איז צוגעגאַנגען צו די טרעפּ. נאָר ער האָט געפילט, אַז
דער מוט פאַרלאָזט אים. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, גענומען
לייענען אַ תפילה און מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן געלאָזט זיך
אַרויף איבער די טרעפּ. לאַנגזאַם, פאַרטשעפּענדיק זיך אויף יעדן
טריט איז ער געגאַנגען פון טרעפּ צו טרעפּ, ביז ער איז אַרויך
אויף דער העכסטער.

דער עקסילאַרך האָט זיך דאָ ערשט באַשלאָסן אויפצוהויבן די
אויגן. ער איז געשטאַנען מיט דעם זיצנדיקן קעניג פּנים אל
פּנים. אַ בלאַסער, אַ ציטערנדיקער, מיט אַ קעלט, וואָס האָט זיך
געשפּרייט איבער אַלע זיינע אברים, איז ער געשטאַנען פאַר
דעם ציל פון אַלע זיינע וואַנדערונגען, צו וועלכע עס האָט זיך
אים געדאַכט, אַז עס איז איצט געקומען אַ סוף. נאָר ער האָט
זיך דערמאָנט אָן זיין לאַנד, אָן זיין פאָלק, און ער האָט אויס־
געצויגן די האַנט און אָנגענומען דעם סצעפּטער, וועלכער האָט
זיך געלאָזט פריי נעמען...

און ווי נאָר דער סצעפּטער איז געבליבן ביי אים אין האַנט,
איז גלייך אַלץ פאַרשוואונדן פון זיינע אויגן.
צי נאָר שעהן זיינען אַריבער, צי גאַנצע יאָרן האָבן דורכגע־
מאַכט זייערע תקופות — פאַר אלראיס פאַרטונקלטן באַוואוסטזיין
איז אַלצאיינס געווען. ווען ער איז סוף־כל־סוף געקומען צו
זיך פון דעם אוממאַכט און האָט אויפגעעפנט די אויגן און
אַרומגעקוקט זיך אַרום זיך, האָט ער דערזען, אַז ער ליגט אין
אַ הייל. די לבנה איז שוין פאַרגאַנגען, אָבער דער פרימאָרגן
איז נאָך נישט געקומען. אַן איינזאַמער שטערן האָט געצאַנקט
איבערן שפּיץ באַרג. אלראי האָט געמאַכט אַ שוואַכע באַוועגונג.
ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום קאָפּ, וואָס האָט אים
שטאַרק ווי געטאָן — ערשט אין האַנט איז ביי אים געווען אַ

סצעפּטער. ער האָט זיך גלייך דערמאָנט אַלץ, וואָס איז פאָר־
געקומען. ער האָט זיך געוואָלט אויפהויבן, נאָר ער האָט
נישט געקענט. ער איז געלעגן אין אימיצנס פעסטע אָרעמס.
ער האָט אומגעדרייט דעם קאָפּ און האָט באַגעגנט—אויף אים
האָבן מיט זאָרג געקוקט יאַבּאַסטערס אויגן.

## XI

פּעטער, דיינע פיס וואַקלען זיך פון שוואַכקייט.

—ווי מיין גייסט.

—אַלץ קאָן זיך נאָך ענדיקן גוט.

—מרים! די גוטע צייטן זיינען שוין הינטער אונז. גרייט זיך, טייערע מיידעלע, צום טרויעריקן. פאַר זיך האָב איך קיין מורא נישט. איך בין אַלט, איך האָב פיל איבערגעטראָגן, און קאָן נאָך פיל איבערטראָגן. וואָס נאָענטער צום סוף לעבן, אַלץ טעמפּער ווערן אונזערע געפילן. איך האָב געזען דאָס גוטס, וואָס האָט מיר געקאָסט מי פון אַ גאַנצן לעבן,—צעשטערט אין איין פרימאָרגן. מיין פאָלק—אַ צעבראָכענער שאַרבן, אָבער דאָך אַ פאָלק—אין גלות און נאָך ערגער. איך האָב געוויינט אויף זיין גורל, הגם מיינע באַקן זיינען קיינמאָל נישט געווען באַנעצט מיט טרערן פון מיין פערזענלעכן אומגליק. אַז איך וואָלט נאָך געווען אַליין. אָבער, אוי ווי מיר,—אָט וואו איז די צרה. די פרייד, די טרייסט פון מיין לעבן איז איצט געוואָרן מיין טרויער, מיין אומעט.

—ליבער פעטער, וויין נישט אויף מיר. לאָמיר בעסער גאָט בעטן, ער וועט אונז נישט פאַרלאָזן.

מיר האָבן נישט טייער געהאַלטן אונזער גליק. איצט זיינען מיר באַשטראָפט. וואָס האָבן מיר געוואָלט—פרייהייט? מיר זיי־נען נישט צופרידן געווען, וואָס מיר זיינען אין גלות. אָט דאָס איז דער גלות—דערדאָזיקער פינסטערער נאַסער קערקער, וואו־הין מען האָט אונז אַריינגעוואָרפן. אָ, יוגנט, נישט באַרעכנטע יוגנט! דיין נאָמען איז—חורבן. נעכטן נאָך אַ קינד—און היינט ווערט אונזער משפחה חרוב צוליב אים—איך קאָן וועגן דעם נישט טראַכטן. איך ווער דערפון משוגע.

—פעטער, ליבער פעטער! מיר האָבן צוזאַמען געלעבט און וועלן צוזאַמען שטאַרבן אין ליבשאַפט. רייד נאָר נישט קיין שלעכטס וועגן דודן.

—וואָס זשע? לויבן אים?

—רייד גאָר וועגן אים. אַלץ, וואָס ער האָט אויפגעטאָן, האָט אויף אונז טאַקי געבראַכט אומגליק, אָבער ער האָט עס געטאָן פאָלגנדיק דעם באַפעל פון זיין כבוד. דו וואָלסט אַלשיראָכן געלאָזט אומבאַשטראָפט?

—פאַר קיין פאַל נישט. איך אַליין וואָלט אים געטויט. ער איז אַ מוטיקער יונג. ער האָט דערפילט זיין חוב. נאָר איך... איך האָב דען געשפּאָרט מי, געשוינט מיינע אוצרות, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם גליק און וועגן דעם כבוד פון מיין פאָלק?

—דו ביזט שטענדיק געווען אַ גוטער, אַ קלוגער, גאָט וועט אונז נישט פאַרגעסן.

—דאָס לעבן מוז האָבן אַ סוף. עס דערנענט זיך די שעה, וואָס מיר דאַרפן זיך באַגעגענען מיט די הערשער פון דער ערד... אַ פיינער געריכט, וואָס הויבט זיך אָן מיט דראָאונגען און ענ־דיקט זיך מיט ענויים. דו שוויגסט, מרים?

—איך טו תפלה.

—וואָס איז דאָס פאַר אַ טומל? אימיצער גייט שנעל אויף יענער זייט גראַטע. דער וועכטער פון תפיסה? ניין, דאָס איז כלב.

מיין געטרייער יינגל! דו ריזיקירסט צופיל!
—אָ ניין, איך בין אַריין מיט אַ דערלויבניש און האָב געבראַכט אַ גוטע ידיעה.
—ער שמייכלט! רייד, וואָס איז?
—אלראי איז אָנגעפאַלן אויפן גובערנאַטאָרס האַרעם, וואָס איז געפאָרן פון באַגדאַד קיין האַמאַדאַן אונטער דער וואַך פון אַ שטאַרקער אויסדערוויילטער מיליטעראָפּטיילונג, און האָט אים גע־בומען געפאַנגען. ער האָט פאָרגעלייגט אויסבייטן זיי אויף דיר און אויף דיין הויזגעזינד. האַסאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער זאָגט, אַז זיינע ווייבער דאַרפן פאַר זייער פרייהייט דאַנקבאַר זיין נאָר זיין שווערד. פונדעסטוועגן האָט ער מיט אלראיס שליח זיך צונויפגערעדט, אַז ביידע צדדים וועלן זיך מיט זייערע געפאַנגענע באַגיין וואָס בעסער. אַזויאַרום קאָנט איר זיך צו־ריקקערן אין אייער פּאַלאַץ. נעבן דעם הויפּטמעטשעט האָט מען שוין צונויפגעקליבן דאָס חיל אַרויסצוטרעטן אַנטקעגן אלראי. האַסאַן האָט זיך געשוואָרן, אַז ער וועט דודן ברענגען אַ לע־בעדיקן, צי אַ טויטן.
—דעם גובערנאַטאָרס האַרעם! ס'איז נישט קיין קלייניקייט. און גלייך זיך אָן אונז דערמאָנט. געטריי קינד! דעם גובערנאַ־טאָרס האַרעם! אַ וואַך פון געוויילטן מיליטער: געוויס איז גאָט מיט אים. כלב, כלב, צי דען איז דאָס טאַקי אונזער דוד! אַזאַ יונגער! אַזאַ העלד! מרים! וואו איז זי! אין חלשות! גיס אויף איר וואַסער! מרים! מיר זיינען באַלד צוריק אין אונזער פּאַלאַץ! אַ פרייד! עס גלויבט זיך מיר נישט!

---

—זיינען מיר צוריק אינדערהיים, כלב! דאָס לעבן איז אַ קייט פון וואונדער. מיר דאַכט, אַז איך בין צוריק יונג געוואָרן. אינדערהיים, דאָך אַ געפאַנגענער. דו האָסט געזאָגט, כלב, אַז דאָס חיל גרייט זיך אַרויסצוטרעטן אַנטקעגן דודן: ווי זשע וועט ער זיך רעטן? ווי מיינסטו, כלב, ער האָט אויף וואָס צו האָפן? איך וואָלט נישט וועלן, ער זאָל אַריינפאַלן אין גע־

פאַנגנשאַפט. דאָס איז אַ שרעק. איצט, אַז איך בין אַרויס פון דער תּפיסה, דאַכט זיך מיר, אַז איך וואָלט נאָך אויך געקאָנט אָנטאָן דעם שווערד. ס'איז אמת, אַז ער האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ רויבערבאַנדע?

—איך האָב גערעדט מיט דעם שליח, און האָב מיך דערוואוסט, אַז אַ ביסל צייט האָט זיך אלראַי באַהאַלטן אין מדבר ביי רויבער. ער האָט זיך מיט זיי באַקענט נאָך פריער, בשעת ער איז געגאַנגען קיין ירושלים. מען זאָגט, אַז זייער הויפּטמאַן איז אַ ייד. אונזער פאָלק שטראָמט צו אים פון אַלע זייטן. מ'זאָגט, אַז יאַבאַסטער, דערדאָזיקער גרויסער מקובל, איז פון הינטער די בערג געקומען צו אים מיט צען טויזנט מאַן.
—דער גרויסער יאַבאַסטער! הייסט עס דאָך, אַז עס איז נישט אָן האָפענונג. איך קען גוט יאַבאַסטערן. דאָס איז נישט אַזעל־כער, וואָס וועט זיך לאָזן פאַרפירן אין נישט קיין זיכערע אונ־טערנעמונג. אָבער דאָס איז אמת וועגן יאַבאַסטערן? דאָס איז אַ גרויסער נאָמען! זייער אַ גרויסער גייסט. אַז איך וואָלט אייך דערציילט אַלץ, וואָס איך ווייס וועגן יאַבאַסטערן, וואָלט איר זיך געוואונדערט. באַטראַכט זיך נאָר, כלב, דוד, אונזער דוד, האָט געמאַכט אַזאַ טומל. אָ, איך בין פול מיט האָפנונג.

—דער שליח האָט מיר דערציילט, אַז אלראַי האָט פאַרכאַפּט דעם האַרעם, נאָר מיט דעם ציל צו באַפרייען זיין פעטער און די שוועסטער.

—ער האָט מיך שטענדיק ליב געהאַט. איך בין שטענדיק אַנט־קעגן אים ערלעך געבליבן. איך מיין, אַז ערלעך. אָ, יאַבאַסטער! דו פאַרשטייסט, כלב, דאָס איז אַ צויבערלעכער נאָמען. אין באַגדאַד זיינען דאָ אַזעלכע, האָס וועלן אין מיטן האַלבע נאַכט אויפשטיין און לויפן צו אים. אוי, אַ שאָדן, וואָס איך האָב נישט געזען דעם שליח. איך וואָלט דורך אים עפּיס אָנגעזאָגט דודן.

—מיין הער, דער פירשט אלראַי בויטיקט זיך נישט אין ר[illegible]ט־

געבער. ער האָט, זאָגט מען, שלמה המלכס סצעפטער, וועלכן ער האָט אָפּגעזוכט אין די קבורות פון יהודה.
—שלמהס סצעפטער!.. דאָס איז אמת? וואונדער, וואונדער! רוף מרימען, איך מוז איר דערציילן. גיב נאָר אַ טראַכט—דוד—אַ יינגל נאָך, און שלמהס סצעפּטער, און יאַבאָסטער! איצט גלויב איך. גאָט וועט פאַרשעמען אַלע זיינע שונאים.

# XII

די חורבה־שטאָט פון דער וויסטעניש, וואָס האָט אַזוי פאַר־וואונדערט אלראַין, בשעת ער האָט דאָס ערשטע מאָל דער־זען אירע הויכע טורמס צווישן די שווייגנדיקע שורות פּאַלאַצן, האָט איצט באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים.

הינטער דער שטאָטוואַנט האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ גרויסער לאַגער פון נידעריקע שוואַרצעביידלעך. די הויפּטגאַס האָט געקאָכט מיט פאַרנומענע מענטשן, וואָס האָבן אין איילעניש גע־מאַכט פאַרשידענע מיליטערישע הכנות. די פערד האָט מען אַוועקגעשטעלט אין די גאַנץ געבליבענע סאַלעס פון חרובדיקע פּאַ־לאַצן און די הויכע קעמלען האָבן אַרויסגעשטעלט די תּמעוואַ־טע מאָרדעס פון צווישן שורות זיילן; אָדער ליגנדיק צווישן סטאַטועס און איינגעפאַלענע אַבעליסקן, האָבן זיי מעלה־גרהוועט רואיק.

עס זיינען נאָך קיין צוויי חדשים נישט אַריבער, זינט אלראַי מיט יאַבאַסטערן האָבן אויפגעזוכט שריראַן אין זיין רויבער־

באַהעלטעניש און האָבן אים באַקאַנט געמאַכט מיט זייער היי־ליקער שליחות. דאָס פאַרגרעבטע האַרץ פון דעמדאָזיקן מענטשן, וואָס זיין מוטער איז געווען אַ יידיש קינד, האָט זיך געלאָזט אונטערגעבן זייערע באַגייסטערטע רייד. ער האָט זיך מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער זאַך, און זיינע מענטשן האָבן לאַנג נישט געטראַכט און אַריבער אויף אלראיס זייט, וואָרום זיי האָבן פאָרויסגעזען, אַז אויב עס וועט די אונטערנעמונג גע־לינגען, שטייט זיי פאַר גרויסע עשירות און אַפילו מאַכט. פון דער חורבה־שטאָט זיינען אַוועקגעפלויגן שלוחים אין אַלע דער־בייאיקע שטעט אָנזאָגן די יידן, אַז משיח איז געקומען. די יידן האָבן די גוטע בשורה פון זייער געליבטן פירשט אויפ־גענומען מיט אַנטציקונג. און אַלע שענסטע און בעסטע פון דער יידישער יוגנט האָבן זיך מאַסנווייז אַוועקגעלאָזט בוקן זיך פאַר דעם סצעפּטער פון שלמה המלך.

לכתחילה האָט די רעגירונג דערויף קיין אַכטונג נישט געלייגט. דער סולטאַן פון די סעלדזשוקעס האָט זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט באַשטימט אַ גרויסע סומע געלט פאַר דעם קאָפּ פון זיין ברודערס רוצח. אָבער אַז די מורדים האָבן אויף עטלעכע שטעט אַרויפגעלייגט שטייערן און עטלעכע מוסולמענישע קאַ־ראַוואַנעס זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן, האָט דער נייער גובער־נאַטאָר פון האַמאַדאַן האַסאַן סובא באַקומען אַ באַפעל צעטרייבן דידאָזיקע מורדים און ברענגען דוד אלראי אין שטאָט אַ לעבע־דיקן, אָדער אַ טויטן.

די מורדים האָבן אויסגעצייכנט גוט געוואוסט אַלץ, וואָס עס קומט פאָר ביי דעם שונא אין דער הויפּטקוואַרטיר. אין איינעם און דעמזעלבן טאָג האָט דוד אלראי אין זיין חורבה־שטאָט באַ־קומען פון די ברידער־מיטפילער ידיעות, אַז זיין פעטער איז פאַרשפאַרט אין האַמאַדאַנער תפיסה און אַז דעם סולטאַנס האַ־רעם פאָרט אַרויס אין וועג פון באַגדאַד קיין פרס.

אלראי האָט פערזענלעך אָנגעפירט דעם אָנפאַל און האָט דעם האַרעם פאַרנומען געפאַנגען. עס איז, אמת, אַרויסגעקומען, אַז דער האַרעם איז נישט דעם סולטאַנס, נאָר דעם האַמאַדאַנער

גובערנאַטאָרס, אָבער דאָס איז אים אויך געווען זייער נוצלעך. דאָס האָט באַפרייט דעם אַלטן בוסתנאי מיט מרימען פון דער תּפיסה, און חוץ דעם האָט עס דערוועקט האַסאַנען גיכער אַרויסצוטרעטן פון האַמאַדאַן אַנטקעגן אלראַין. האַסאַן סובא איז תּכף אַרויס אין וועג מיט אַ מחנה פון צוויי טויזנט מאַן.

אויף דעמזעלבן פּלאַץ, וואו אַמאָל האָט מען אלראַי געבראַכט אַ געבונדענעם געפאַנגען, איז איצט אונטער זיין פאָרזיצעריי פאָרגעקומען אַ מיליטערישע באַראַטונג. רעכטס פון אַלראַי איז געזעסן יאַבאַסטער, לינקס—שרירא. דער פירטער אָנטיילנעמער פון דער באַראַטונג איז געווען אַ הויכער שלאַנקער יונגערמאַן, עפּיס עלטער פאַר אלראַי אַליין. אַ ביסל ווייטער זיינען געשטאַנען ביי אַ האַלבן הונדערט מאַן אין דער גאַנצער באַוואָפענונג.

—דו האָסט זיך שוין דערוואוסט, אבנר, וויפיל מענטשן מיר האָבן?—האָט אלראַי געפרעגט ביי דעם הויכן יונגנמאַן.

—יאָ, דרייהונדערט רייטער און צווייטויזנט פוסגייער, נאָר די לעצטע זיינען נישט אַלע באַוואָפנט.

—אַז מיר וועלן דאַרפן געווער, וועט אונז שוין גאָט צושיקן,—האָט יאַבאַסטער געזאָגט,—זאָל מען דערווייל לאָזן ווייטער מאַכן שפּיזן.

—האָפט צו גאָט,—האָט שרירא געזאָגט, פרום אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

פון שטאָט האָבן זיך פלוצלונג געלאָזט הערן הויכע געשרייען. אַ טומל פון צערייצטע קולות און אַ טופּעריי פון פיל לויפנדיקע פיס. אלראַי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין טעפּיך. פון האַמאַדאַן איז צוריקגעקומען דער שליח. אַן עולם מענטשן האָט אים שיער נישט אויף די הענט געבראַכט צוטראָגן צו דעם אָרט פון דער באַראַטונג. דער עולם איז ווי פון זינען אַראָפּ. מען האָט זיך געשטופּט, געקראָכן אויף די ווענט. די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטאָט האָט זיך פאַרזאַמלט, הערן וואָס פאַר ידיעה האָט געבראַכט דער שליח.

—דערצייל,—האָט אלראי געזאָגט,—דערצייל אַלץ, אפילו דאָס ערגסטע.

—הערשער פון פאָלק ישראל!—האָט געזאָגט דער שליח.—דאָס זיינען די ווערטער פון האַסאַן סובא: מיין האַרעם וועט פריי זיין נאָר אַדאַנק מיין שווערד. מיט מורדים גיי איך נישט אַריין אין קיינע אונטערהאַנדלונגען. נאָר איך פיר אויך קיין מלחמות נישט מיט זקנים און מיט קליינע קינדער. צווישן בוסתנאי און זיין הויזגעזינד פון איין צד און צווישן די געפאַנגענע ביי דיין הער פון דער אַנדער זייט וועט זיין שלום. גיי זאָג אלראין, אַז מיינע ווערטער וועל איך אונטערחתמענען מיט דעם בלוט פון זיין האַרצן. און איצט, מיין האַר, זיינען שוין דיין פעטער מיט דיין שוועסטער אין זייער אייגענעם פּאַלאַץ.

א ראי האָט גענומען אויספרעגן וועגן דער באַוועגונג פון שונא.

—איך בין דורכגעפאָרן איבער דער וויסטעניש אויף אַ שנעלן דראמאדער, וואָס ביים טויער פון שטאָט האָט מיר געגעבן שלמה דער וועכטער—זיין האַרץ איז רעכטפארטיג מיט אונז. איך האָב אין וועג נישט געשלאָפן און נישט גערוט. מאָרגן איידער די זון וועט נאָך פאַרגיין, וועלן די פלשתּים זיין דאָ. האַסאַן סובא אַליין פירט זיי. זאָל אונז גאָט שיצן. מיט אַזאַ שונא האָט דאָס פאָלק ישראל קיין מלחמות נישט געפירט, זינט זיי האָבן איינגענומען דאָס לאַנד כנען.

אין עולם האָט זיך דערהערט אַ גערודער.

—די שעה פון נסיון איז געקומען,—האָט געזאָגט אַ ייד, וועלכער האָט מיט צוואַנציק יאָר צוריק זיך געשלאָגן אונטער יאַבאַס־טערס פאָן.

—לאָזט מיך שטאַרבן פאַר דעם ארון־הברית!—האָט אויסגעשריען דער יונגער אבנר אין התלהבות.

—קינדער פון ישראל!—האָט אויסגעשריען אלראי.—גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין אונזערע הענט. מאָרגן אין אָוונט טרעטן מיר אַרויס אויף האַמאַדאַן.

אַ גערויש פון אַנטציקטע געשרייען האָט אָפּגעענטפערט אויף די־
דאָזיקע ווערטער.
אין דערזעלבער רגע האָט זיך פון די חורבות באַוויזן אַ פרויען־
פיגור. דער געפילדער איז גלייך אַנטשוויגן געוואָרן. אַלעמענס
אויגן האָבן זיך געווענדט צו דער פרוי. איר באַפעלנדע באַ־
וועגונג, די גלאַנץ פון אירע אויגן, איר שיינע און שרעקלעכע
געזיכט, די לאַנגע פאַנאַנדערגעלאָזענע האָר ביז די קני און די
ווייסע שיין פון דער ערשט אויפגעגאַנגענער לבנה, וואָס איז
אויף איר געפאַלן—דאָס אַלץ האָט צו איר צוגעשמידט אַלעמענס
אויגן און אָנגעשטריינגט אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. אַלעמענס
הערצער האָבן גענומען ציטערן, ווען איר שטאַרקע שטימע האָט
זיך געלאָזט הערן—דאָס איז געווען די נביאה אסתר. זי האָט
געזאָגט:
—זיי גייען, זיי גייען. אָבער צי וועלן זיי צוריקגיין? הער מיך
אויס, יעקבס שטאַם. איך הער דאָס קלאַפּן פון זייערע פויקן
אין מדבר און דאָס שאַלן פון זייער טרומייטן, וואָס איז
געגליכן צו דעם הײלן פון ווינט. אָבער זייער פסק איז אונ־
טערגעשריבן, און ער זאָגט: זייערע מאַנסביל וועלן זיין זעל־
טענער פאַר גאָלד און זייערע מענטשן—פאַר דעם מעטאַל פון
אופיר.
„זיי גייען, זיי גייען? צי וועלן זיי זיך אָבער אומקערן צוריק?
איך זע דאָס בלאַנקען פון זייערע שווערדן, איך הער דאָס ביי־
זע הירזשען פון זייערע צערייצטע פערד. דער פסק דין איז
גרייט: ביי אים וועלן בלייבן נישט קיין דערדרייפטע פרוכט,
ווי אויף אַן אָפּגעטרייסלטן איילבערטבוים: צוויי, דריי אייל־
בערטן אויף אַ צווייג.
„זיי גייען, זיי גייען, צי וועלן זיי אָבער צוריק אַוועקגיין?
זייער פסק דין איז פאַרטיק: האַמאַדאַן וועט זיין אַ חורבה.
בבלס גורל וועט וואַרפן אַן אימה אויף פעלקער. וואָרום גאָט
האָט געשיקט זיין קנעכט דוד אויפצוזאַמלען פון אַלע זייטן די
פאַרשפּרייטע שבטים פון ישראל".
אַ גרויסע אַנטציקונג האָט אָנגעכאַפּט דעם עולם און לאַנג נאָך

דעם האָט דער גאַנצער פלאַץ געקלונגען מיט מעלאַטיקע פרייד־ געשרייען. די זיכערקייט אין נצחון איז געווען אַ פעסטע. זיי האָבן געזען דעם צוויבערלעכן סצעפטער שלמהס אין האַנט פון זייער משיח; אויף די אָנגרייפנדיקע סעלדזשוקעס האָבן זיי שוין געקוקט ווי אויף פאַרמשפטע, און אויפן מאָרגנדיקן טאָג, ווי אויף דעם אָנפאַנג פון ניצחון און פרייהייט.

# XIII

די סעלדזשוקעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט הינטער די ווענט פון דער חורבה־שטאָט. דער אָנפירער האָט געהייסן איין אָפּ־טיילונג אַריין אין שטאָט אויסצוקוקן. די אָפּטיילונג האָט זיך אומגעקערט מיט אַ ידיעה, אַז די שטאָט איז, ווייזט אויס, אַ ליידיקע, פון קיינעם נישט פאַרנומען. דעמאָלט האָט האַסאַן סובא געהייסן אַוועקשטעלן אַ וואַך הינטער די ווענט, כּדי דעם שונא אָפּצושניידן דעם וועג צו אַנטלויפן, און אַליין מיטן איי־בעריקן חיל איז ער אַריין אין שטאָט. די זון האָט שוין גע־האַלטן ביים פאַרגיין. דער פאָדערשטער טייל פון חיל, אונטער האַסאַנס אָנפירונג, האָט זיך אַוועקגעלאָזט איבער די גאַסן. פּלוצ־לונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער אויסגעשריי:

—שטיי!

—די סעלדזשוקעס האָבן מאַשינעל אָפּגעשטעלט די פערד.

—ווער רעדט?!—האָט האַסאַן געפרעגט.

—איך!—האָט געענטפערט אַ שטימע. און אונטער דעם אַריינגאַנג

פון אַ טעמפּל האָט זיך באַוויזן אַ פרויענגעשטאַלט מיט אויפגעהויבענע הענט אין דערהויך.
—ווער ביזטו?—האָט האַסאַן אַן אומרואיקער געפרעגט.
—דיין בייזער מזל, סעלדזשוק!
האַסאַן, אַ ווייסער ווי דער העלפאַנדביין פון זיין האַק, האָט נישט געענטפערט. אַלע, וואָס האָבן עס געהערט, זיינען פאַרציטערט געוואָרן. די שרעקלעכע פרוי איז געבליבן אומבאַוועגלעך.
—פרוי, דו ביזט אַ מכשפה, צי אַ געטין?—האָט האַסאַן אויסגעשריען.—וואָס דאַרפסטו דאָ?
אין דערזעלבער רגע, איז, דוכט זיך, דער הימל פינסטער געוואָרן פון אַ וואָלקן פיילן, וואָס האָט זיך אַ שאָט געטאָן פון אַלע זייטן אויף די סעלדזשוקעס. גרויסע שטיקער שטיין און מירמל זיינען געפלויגן אין דער לופטן. די פערד זיינען געפאַלן אונטער די קלעפּ פון שפּיזן, וואָס נישט געזעענע הענט האָבן געוואָרפן. רייטער זיינען געפאַלן נאָך איידער זיי האָבן אָנגעהויבן די מלחמה, און זייערע דערשראָקענע חברים האָבן אין טומל זיי געטראָטן מיט די פיס.
—מ׳האָט אונז דאָ געמאַכט אַ נעץ!—האָט האַסאַן אויסגעשריען און געהייסן: צוריק אין דער וויסטעניש!
אָבער ווי נאָר די וואַך הינטער דער וואַנט האָט דערהערט די אומרואיקע געשרייען פון דער פאָדערשטער אָפּטיילונג, האָט זי, מורא האָבנדיק פאַר איר גורל, געלאָזט זיך אין שטאָט אַריין נאָך הילף. דער צוזאַמענשטויס פוןביידע אָפּטיילונגען האָט נאָכמער פאַרגרעסערט די צומישעניש. און אַז די ניי אָנגעקומענע סעלדזשוקעס האָבן סוף־כל־סוף פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָבן זיי פאַרציטערטע באַמערקט, אַז די טויערן זיינען פאַרבאַריקאַדירט. צווישן די סעלדזשוקעס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק. האַסאַן האָט בשום אופן נישט געקאָנט צוריקשטעלן די אָרדנונג. ער איז אָפּגעטראָטן אויף אַן אָפענעם פּלאַץ און האָט זיך גענומען באַשיצן, אויסוואַרטנדיק, ביז דער מזל וועט זיך צו אים צוריקקערן, און צושיקן עפּיס א צופאַל, וואָס זאָל

אים באַפרייען פון דער פאַרצווייפלטער לאַגע.

אָבער פונקט ווי דורך אַ כישוף האָבן זיך באַוויזן פון אַלע זייטן שטאָט באַוואָפנטע יידן. פון יעדער חורבה, פון הינטער יעדן זייל, זיינען אַרויס אומדערשראָקענע קריגער מיט פאַרבלוטיקטן געווער. מ׳האָט די סעלדזשוקעס געשניטן פון אַלע זייטן. רייטער זיינען געפלויגן ווי משוגענע, פאַרפאָלגטע פון מאַסן פוסגייער, זיי האָבן נישט געהאַט, וואו צו באַהאַלטן זיך, וואו אַ ביסל אָפּצורוען.

—אַז עס וואָלט נאָר געווען אַ מעגלעכקייט אַריבערצוגיין אויף יענער זייט וואַנט און אַוועקצוגיין אין דער וויסטעניש!—האָט האַסאַן סובא גערעדט צו די ווייניק שוין פאַרבליבענע מענטשן אַרום אים.—אין דעם ליגט די איינציקע האָפנונג אונזערע. דאָ זיינען מיר פאַרפאַלענע. אוי, אַז מיר וואָלט זיך איינגעבן טרעפן אלראין!

דריי סעלדזשוקעס זיינען אַרויסגעלאָפן אויפן פלאַץ, פאַרפאָלגטע פון אַן אָפּטיילונג יידישע רייטער.

—אבנר! שלאָג אַלעמען, קיין רחמנות!—האָט געשריען זייער יונגער אָנפירער.

—דיין פערד גייט אויס מיט בלוט. וואו איז יאַבאַסטער?

—ביים טויער. די הענט טוען אים ווי פון געשלעג. גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין אונזערע האַנט. אוי, אַז איך וואָלט באַגעגנט זייער אָנפירער!

—קער זיך אום, הונט! דאָ בין איך!—האָט האַסאַן סובא אויסגעשריען.—דו ביזט אלראי?

—איך.

—וואָס האָט געטויט אלשיראָכן?

—דערזעלבער.

—רוצח און מורד!

—היט זיך!

און ביי די ווערטער האָט דער יידישער פירשט אַ לאָז געטאָן אויף דעם סעלדזשוק זיין שפיז. האַסאַן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויפן פערד. ער איז אָבער געבליבן זיצן און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אלראי מיט זיין שווערד.ביידנס שווערדן האָבן זיך

באַגעגנט און האַסאַנס קליִנגל האָט זיך צובראָכן. אלראַי האָט אים אַראָפּגעשליידערט פון פערד.
דערווייל האָט אבנר צוטריבן האַסאַנס סוויטע. אלראַי איז אַראָפּ פון אייגענעם אויסגעמאַטערטן פערד און זיך אַרויפגעזעצט אויפן דערשלאָגענעם שונאס שוואַרצן אַגער. ער האָט זיך ווייטער אַ וואָרף געטאָן אין דער געדיכטעניש פון דעם געשלעג.
עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די נאַכטשאָטנס. די געשרייען זיינען שטילער געוואָרן, דער געשלעג האָט אויפגעהערט. איינציקע פאַר־בלאָנדזשעטע סעלדזשוקעס, וואָס האָבן געלאָזט זייערע פערד און זיך באַהאַלטן אין די חורבות, האָט מען אָפּגעזוכט און געטויט.

די לבנה האָט באַלויכטן די גאַסן צווישן די פּאַלאַצן, וועלכע זיינען פול געווען מיט טויטע שונאים און מיט לעבעדיקע זיגער. מ׳האָט אָנגעצונדן פייערן און זיך געזעצט עסן.
ס׳איז אָנגעקומען אַ פּראָצעסיע. אסתּר די נביאה, שפּילנדיק אויף צימבלען, האָט געטאַנצט פאַר משיחן. ער איז געשטאַנען אָנגע־לענט אויף זיין שווערד. אַרום איז געווען יאַבאַסטער, אבנר, שרירא און אַלע בעסטע פון די פעלדהערן. ווער האָט איצט געקאָנט צווייפלען, אַז ער איז דער אמתער משיח? די ברייטע שטומע וויסטעניש האָט זיך מיט עכאָ אָפּגערופן אויף די פריי־לעכע אויסגעשרייען פון דעם אַנטציקטן פאָלק.

# VIX

לאַנגזאַם איז געגאַנגען די צייט פאַר די האמאדאנער יידן.
בוסתנאי האָט זיך אַלץ עצות געהאַלטן מיט די זקנים. מרים
האָט תפלה געטאָן, נאָר דאָס גרעסטע, אויף וואָס זיי האָבן גע-
האָפט, איז געווען, אַז זייער פירשט זאָל ניצל ווערן פון טויט.

פערצן טעג איז קיין ידיעות נישט געווען וועגן האַסאַנס מאַרש.
פלוצלונג האָט מען הינטער די טויערן פון שטאָט באַמערקט אַן
אָנקומענדיקע באַוואָפנטע מחנה. די באַפעלקערונג האָט זיך אַ לאָז
געטאָן צו די וואַלן. אַ פרייד האָט געשיינט אויף די פנימער פון
די מוסולמענער. אַ ציטערניש איז אָנגעפאַלן אויף די יידן.
די מולעס זיינען געקומען באַגעגענען דעם מנצח האַסאַן סובא.

—מיך אינטערעסירט נאָר,—האָט געזאָגט דער עלטסטער פון דער
וואַך,—צי איז אלראי אַ לעבעדיקער. צי אַ טויטער.
—אויב ער לעבט, וועט מען אים אַרויפזעצן אויף אַ פלאָקן,—האָט
געענטפערט אַ וועכטער.

—אויב ער איז טויט, וועט מען זיין קערפער אַרויסוואַרפן פאַר הינט,—האָט געזאָגט דער עלטסטער,—אַזאַ מנהג איז.
—בוסתּנאַי וועט מען אויפהייננגען.
—זיין פלימעניצע אויך.
—אָט־אָ זיינען זיי שוין. סאַר אַ שטויב!—האָט געזאָגט דער אָנפירער.
—איך זע האַסאַנען!—האָט געזאָגט דער וועכטער.
—איך אויך!—האָט געזאָגט אַ סריס.—איך דערקען זיין שוואַרצן פערד.
—כדאַי צו וויסן, וויפיל געלט האָט בוסתּנאַי.
—אָן אַ שיעור.
—ראַבירן וועט מען דאָך נישט?
—מ'וועט שוין שפּעטער זען.
אַ גרופּע רייטער איז צוגעפאָרן צום טויער. דער אָנפירער פון דער גרופּע האָט אַ לאָז געטאָן דעם פערד אויף דער וואַנט.
—אום גאָטס ווילן, ווער איז דאָס?—האָט אויסגעשריען דער עלטסטער איבער די וועכטער.
עס האָט זיך דערהערט אַ שאַלן פון אַ טרומייט.
—ווער איז דאָ אויף דער וואַך?—האָט געפרעגט אַ קריגער פון דער גרופּע אויף יענער זייט.—עפנט!
—פאַר וועמען?—האָט געפרעגט דער עלטסטער איבער דער וואַך.

—פאַר דעם קעניג דוד. גאָט האָט האַסאַנען איבערגעגעבן אין אונזערע הענט, און פון זיינע סעלדזשוקעס איז קיינער נישט געבליבן. איך בין יאַבאַסטער, דער שטעלפאַרטרעטער פון פירשט דוד. דערדאָזיקער שווערד—דאָס איז מיין צייכן. עפנט די טויערן, וועלן מיר אייך טאָן גנאַד, וואָס איר האָט קיינמאָל מיט קיינעם נישט געטאָן. אויב איר וועט נישט עפענען, וועט מיט אייך ריידן דער קיניג אַליין, אונזער האַר.
—רופט דעם געערטן האַר בוסתּנאַי,—האָט דער עלטסטער געזאָגט און ביי אים האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.—ער וועט זיך פאַר אונז אָננעמען.

—און די גרויסמוטיקע פירשטין מרים,—האָט געזאָגט דער וועכֿטער,—זי איז אַ בעל־רחמנותדיקע.

די פראָצעסיע פון די מולעס, וואָס האָבן זיך צונויפגעזאַמלֿט באַגעגענען האַסאַנען, האָט זיך אַוועקגעלֿאָזט אויף צוריק. די טויערן האָבן זיך געעפנט, און יאַבאַסטער מיט זיינע מענטשן האָבן פאַרנומען דעם קאַראַאוֿל. די טונקלקייט פון בין־השמשות איז אַריבער און עס האָבן זיך אַראָפגעלֿאָזט נאַכֿטשאָטנס. די מינאַרעטן זיינען געווען באַלויכֿטן, די הייזער—פאַרהאָנגען מיט בלומענקרענץ און די וואַלֿן—מיט טעפיכֿער.

אַ פויקעריי און אַ שאַלֿן פון טרומייטן און צימבלען האָט אָנגעזאָגט, אַז דאָס יידישע חיל איז אַריין אין שטאָט. אין דער שיין פון פאַקלען, מאַכֿנדיק מיט דעם שווערד, האָט אין דער שפיץ פון זיין גוואַרדיע דורכֿגאַלֿאָפירט דער יונגער פירשט אויף זיין שוואַרצן פערד. דאָס פאָלֿק איז געפאַלֿן אויף די קני און געשריען „זאָל לֿעבן אלראי!"

עס איז צוגעגאַנגען אַ בכבודיקער זקן, אָנגעשפאַרט אויף דער האַנט פון אַ שיינהייט אַ מיידל מיט אַראָפגעלֿאָזענע אויגן. נאָך אים זיינען נאָכֿגעגאַנגען אַלע חשובע לייט פון שטאָט. זיי זיינען געקומען בעטן שוץ און גענאַד. דערזעענדיק זיי, איז אלראי אַראָפגעשפרונגען פון פערד, האָט אַרומגענומען דאָס מיידל און אויסגעשריען: „מרים, שוועסטער, דאָס איז באמת אַ נצחון!"

# XV

אזיע איז פול געוועזן מיט קלאַנגען וועגן דעם יידישן אויפ־שטאַנד. מיינגעס יידן פון די רייכע פערסישע שטעט און פון די ערטער ביים חידקל און פרת האָבן זיך געזאַמלט קיין האַמאַדאַן.

די צערייצטע מוסולמענער האָבן זיך נוקם געווען אָן די יידן פאַר זייער פירשט; יידן זיינען דעריבער נאָך אין אַ גרעסערער צאָל אַנטלאָפן פון זייערע ערטער. די רייכטימער פון באַגדאַד זיינען אַזוי אַריבערגעפירט געוואָרן צו אלראי, און די אַנטלאָ־פענע וואַנדערער זיינען ביי אים גלייך געוואָרן באַוואָפנט און פאַרוואַנדלט אין קריגער. די שטאָט האָט שוין נישט געקאָנט אַריינעמען אין זיך די אָנגעקומענע מאַסן. דעריבער האָט מען איינגעאָרדנט אַ לאַגער הינטער דער שטאָט אונטער אבנרס אָנפירונג.

אין אַ חודש אַרום נאָכדעם, אַז מ׳האָט פאַרנומען האַמאַדאַן, האָט מען געפייערט די עפענונג פון דעם נייעם משכן און פון דעם

נייעם ארון, וואָס די בעסטע פּערסישע מייסטערס האָבן געמאַכט. בשעת דער פייערונג האָט דוד געהייליקט יאָבאַסטערן פאַר אַ כהן גדול. און נאָך דער פייערונג איז אלראי אַרויסגעטראָטן אין דער שפּיץ פון אַ צוואַנציקטויזנטיקן חיל, איינצונעמען מדי.

---

דאָס רייכע לאַנד אַדזעביידזשאַן, וואָס האָט פאַרנומען דאָס אַמאָ־ליקע לאַנד מדי, איז אין משך פון איין חודש אַריבער אין די הענט פון אלראי. פאַר דער צייט האָט אבער איינגענומען גאַנץ לאָריסטאַן. אלראי איז אַוועק אויף פּרס.

די גרויסע נצחונות פון דעם יידישן פירשט האָבן סוף־כל־סוף געצוויט דעם פּערסישן סולטאַן טארגול אין די פּאַלאַצן פון דער הויפּטשטאָט נישאַבור עפּיס אונטערצונעמען. ער האָט פאַרזאַמלט אַלע זיינע עמירן אין דער גרויסער שטאָט ריי, כדי מיט איין קלאַפּ צו מאַכן אַ סוף פון די מורדים.

אין אלראיס חיל האָט געהערשט אַ באַגייסטערונג. אויסערדעם האָבן די יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אין יענע ערטער, כסדר געגעבן צו וויסן אלראין וועגן יעדן טריט פון דעם שונא, און ריי איז באַלד פאַרנומען געוואָרן, און די עמירן—אַנטלאָפן צו טארגולן, רייסנדיק זיך די בערד און פאָרויסזאָגנדיק, אַז אינ־גיכן דאַרף זיך די וועלט איבערקערן. טארגול האָט געגעבן אַ נדר צו פאָרן קיין מעקאַ, און איז אַליין אין דער שפּיץ פון אַן אומצייליקער אַרמיי אַרויס קיין איראַק מיט דעם ציל צו פאַרטיליקן אלראי.

די פּערסישע כּוחות זיינען געווען לפּחות פינף מאָל גרעסער פאַר די יידישע. די טערקן האָבן זיך געשלאָגן מיט פאַרצוייפּ־לונג, אָבער די מפּלה זייערע איז געווען אַ שרעקלעכע. טארגול אליין איז געפאַלן טויט, צוואַנציק טויזנט אויסדערוויילט חיל איז געפאַלן אין דער שלאַכט, די איבעריקע—צעטריבן. אלראי האָט איבערגעלאָזט שריראן אויפצושטעלן די אָרדנונג אין ריי, און אַליין איז ער אַוועק קיין נישאבור. די הויפּטשטאָט האָט אויסגעמיידט דעם גורל פון ריי—זי איז נישט חרוב געוואָרן.

דערוויל האָט אבנר פאַרענדיקט די נצחונות אין לאַריסטאַן און איז געקומען מיט הילף קיין פּרס. אלראַי האָט דעם יונגן פעלד־הער איבערגעלאָזט פאַרענדיקן מיט פּרס און אַליין איז ער אַוועק מיט זיין חיל קיין האַמאַדאַן, וואוהין עס האָבן אים גערופן די אָנגעקומענע ידיעות.

---

אלראַי האָט דעם חיל איבערגעלאָזט אין וועג און איז אַליין מיטן שטאַב שנעל אַוועק קיין האַמאַדאַן. אין אָוונט איז ער גע־קומען, און די גאַנצע נאַכט האָט ער זיך באַראַטן מיט יאַבאַס־טערן, און אויף מאָרגן איז פאַרטיק געוואָרן אַ דעקרעט וועגן אַ מאַרש קיין ארץ־ישראל.
אין האַמאַדאַן האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ הונדערט־טויזנטיקע אויס־דערוויילטע אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען איבערהויפּט פון יידן. דער פליין אַרום האַמאַדאַן איז דורכויס פאַרדעקט געווען מיטביידלעך, די גאַסן זיינען געווען פול מיט מאַרשירנדיקע פאָלקן. לאַנגע קאַראַוואַנעס, אַ מאַסע העראָלדן, הירזשען פון פערד, מי־ליטערישע מוזיק–אַלץ האָט גערעדט וועגן דעם, אַז עס גרייט זיך אַ וויכטיקע אונטערנעמונג.
דער הערשער פון די מוסולמענער האָט אויסגערופן אַ הייליקן קאַמף אין נאָמען פון נביא מהמד–אָט דאָס איז געווען די סיבה, וואָס אלראַי האָט זיך געאיילט צו פאַרלאָזן פּרס. באַגדאַדער סעלדזשוקן אַליין זיינען אַרויסגעטראָטן אין אַ צאָל פון פופציק טויזנט. עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַזאַ אַרמיי ביי די מוסולמע־נער, וואָס זינט דעם קאַליף הארון־אל־ראַשיד, האָט מען נאָך אויף די ברעגן פון טייך חידקל אַזאַ נישט געזען. דער הויפּט־אָנפירער איז געווען מאַלעק, דער סולטאַן פון די סעלדזשוקן און דער פאַרוואַלטער פון דעם קאַליפס פּאַלאַץ.
פאַר די ווענט פון האַמאַדאַן האָט אלראַי אויסגעשטעלט זיין חיל צו באַקוקן אים. עס זיינען געווען זעכציק טויזנט שווער באַוואָפנטע, דרייסיק טויזנט שיסער און לייכטבאַוואָפנטע און צוואַנציק טויזנט רייטער. אויסערדעם איז געווען נאָך אַן אָפּ־

טיילונג פון [illegible]טויזנט רייטער, באַוואָפנטע מיט פּיקעס—די הייליקע גוואַרדיע. אין צענטער פון דעם חיל איז געשטאַנען דער ריז על־נבער, וואָס האָט געטראָגן אויף אַ פעסטן צעדערשטעקן שלמהס סצעפּטער אין אַ גאָלדענער שייד. דער אָנפירער פון דער גוואַרדיע איז געווען עזריאל, אבנרס ברודער.
שרירא איז מיט אַ פּערציקטויזנטיקער אַרמיי אַוועק קיין באַגדאַד דורך קערמאַנשאַך, און יאַבּאַסטער, אָנגעטאָן ווי אַ כּהן גדול, האָט זיין אַרמיי אַוועקגעפירט דורך נעכאַווענדאַ. נעבן דעם טאָל קערונד האָבן זיי זיך געזאָלט באַגעגענען און וואַרטן אויף אלראין.

---

דער שונא איז געשטאַנען אין טאָל פון חידקל אין גרייטקייט צום שלאַכט. מאַלעק אַליין האָט אָנגעפירט מיטן צענטער, דער סירישער סולטאַן—מיטן רעכטן פליגל, דער רומער סולטאַן—מיטן לינקן. די פּאָזיציע זייערע איז געווען גוט באַשיצט פון איין זייט מיטן טייך, פון דער צווייטער מיט בערג.
אלראי איז אַליין געגאַנגען איבער די ביידלעך פון דעם חיל און האָט געוועקט דעם מוט, דערקלערנדיק אויף וויפיל וויכטיק עס איז די שלאַכט, וואָס שטייט פאַר. די קריגער זיינען געווען באַגייסטערט. מען האָט דורכגעטראָגן איבער די רייען שלמהס סצעפּטער אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע. אויפן שפּיץ פון אַ דערבייאיקן בערגל האָט אסתר די נביאה אין פלאַמעדיקע רייד באַגייסטערט דעם גרויסן עולם חיל, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט.

יאַבּאַסטער האָט זיך באַראַטן מיט אלראי וועגן מאָרגעדיקן טאָג.

—נישטאָ קיין אַנדער וועג,—האָט אלראי געזאָגט,—אויסער דעם וועג פון נצחון.
—דער געדאַנק, אַז אינגיכן בויען מיר צוריק אויף דעם בית המקדש, און גאָטס משיח וועט ווידער קעניגין אין ירושלים, מאַכט מיך אַזוי פריילעך, אַז איך בין גרייט צו גיין טאַנצן,

ווען איך זאָל נישט זיין קיין כוהן גדול,—האָט יאַבאַסטער געזאָגט.

—שוין דער צווייטער משמור, קעניג!

—גלייך. איך וואַך שוין. רוף אַריין יאַבאַסטערן.

„מיט אַ יאָר צוריק בין איך דאָ געלעגן, ווי אַן אָרימער וואַנדערער",—האָט אלראי געטראַכט, איצט פיר איך מלחמות מיט די מעכטיקסטע מלכים. נאָר איך האָב נישט קיין מורא. וואָס ועט זיין דער סוף—דאָס זאָל באַשליסן די קראַפט, וואָס פירט מיך אויף מיין וועג".

„ירושלים, ירושלים... יאַבאַסטער שטרעבט צו איר. נישט קוקנדיק אויף זיין געלערנטקייט, איז ער דאָך אַ באַגרעניצטער פאַנאַטיקער, וואָס טרוימט צו בויען די צוקונפט לויט דעם מוסטער פון דער פאַרגאַנגנהייט. אָ, באַגדאַד, באַגדאַד! אין דיינע גלענצנדע פאַלאַצן איז פאַראַן עפּיס אַזוינס, וואָס איז אַזוי טייער, ווי זיין קבלה!"

—אָ, שרירא!—האָט ער באַגעגנט דעם אַריינקומענדיקן פעלדהער.—היינט איז אַ גרויסער טאָג פאַר ישראל און פאַר דיר. דו הייבסט אָן דעם אָנגריף.

---

דרייסיקטויזנט טערקן זיינען אין דעם טאָג געפאַלן, צווישן זיי די סולטאַנען פון באַגדאַד און פון סוריא. דער רומישער סולטאַן איז אַנטלאָפן קיין באַגדאַד, האָט מיטגענומען דעם קאַליף, זיין האַרעם און אַ טייל פון די אוצרות און איז מיט זיי אַוועק קיין סוריא. נאָך אַ קאַמף פון דריי שעה איז אלראי געוואָרן דער הערשער פון די מזרח־לענדער.

ער האָט אַוועקגעשיקט איתמרן מיט דעם אבזערביידזשאַנער חיל און מיט אַ טייל פון דער הייליקער גוואַרדיע קיין באַגדאַד, פאַרנעמען די שטאָט. מאלעקס ביידל האָט ער אָפּגעשיקט מיט אַ שליח קיין האַמאַדאַן אַלס אַ טראָפיי. נאָכן שלאַכט איז ער געזעסן מיט זיינע נאָענטע און פעלדהערן. ער האָט אַלעמען געדאַנקט, יעדן אַ גוט וואָרט געזאָגט. די שמחה איז געווען גרויס.

—קעניג, ביי דיר גייט בלוט,—האָט יאַבאַסטעו באַמערקט.
—דאָס איז גוט,—האָט אלראי געענטפערט.—מיך פיבערט אַ ביסל.
איצט דאַרף מען גיין צו די פּאַרוואונדעטע. עזריאל, דו אָרדן
איין דעם לאַגער. היינט איז ערב שבת, וויניק צייט.

---

אויף מאָרגן אינדערפרי איז אָנגעקומען פון איתמרן אַ שליח מיט
אַ ידיעה, אַז דער רומער סולטאַן איז אַוועק קיין סוריא און
די שטאָט באַגדאַד איז כמעט אומבאַשיצט. נאָר ער, איתמר,
האָט די איינוואוינער דערלויבט שיקן אַ דעפּוטאַציע צו אלראי,
איידער די שטאָט וועט איבערגעגעבן ווערן.
זונטאָג אינדערפרי איז די דעפּוטאַציע אָנגעקומען. מען האָט זי
דורכגעפירט דורך דעם גאַנצן לאַגער, כדי זיי זאָלן זען די
גרויסע מאַכט פון דעם זיגער, איידער זיי וועלן זיך שטעלן
פאַר אים. אַרום אלראיסביידל איז געשטאַנען די הייליקע
גוואַרדיע. דוד אַליין איז געזעסן אויף אַ רייכן דיוואַן. יאַבאַס-
טער אין כהונה־קליידער פון איין זייט, שרירא—פון דער צוויי-
טער. הינטער אים איז געשטאַנען דער ריז על־נבאר מיט דעם
סצעפּטער אין דערהויך.
צוועלף באַגדאַדער חשובסטע לייט זיינען געווען אין דער דע-
פּוטאַציע. זיי האָבן זיך טיף געבוקט אין זייערע צעריסענע
קליידער. דאַן איז אַרויסגעטראָטן איינער פון זיי—דאָס איז גע-
ווען כאַנאַין. ער האָט געהאַלטן אַ רעדע:
—גרויסער מנצח! מיר האָבן געהאַט דעם מזל געבוירן צו ווערן
קנעכט פון קאַליף. דערדאָזיקער מזל האָט אונז איבערגעגעבן
אין דיינע הענט. מיר ברענגען דיר דיזעלבע איבערגעגעבנהייט,
וועלכע מיר האָבן אים באַוויזן, און בעטן ביי דיר דעמזעלבן
שוץ, וואָס ער האָט אונז געגעבן. מיר געדיינקען, אַז מיר האָבן
דאָס גליק צו וועגדן זיך נישט צו קיין באַרבאַר, וואָס פאַר
אים זיינען נישט צוטרעטלעך קיין געבילדעטקייט, קונסט און
קיינע איידעלע שטרעבונגען פון מענטשן. מיר אַנערקענען דיין
מאַכט, און מיר האָפן אויף דעם פירשט, וואָס אַלע אָנערקענען

און באַוואונדערן אים, וואָס זיין גייסט איז געאיידלט דורך דעם דערהויבענעם גלויבן, און וואָס פירט זיין שטאַם פון דער הייליקער משפּחה, וואָס איר אַלטקייט איז אָנדערקענט אפילו פון אונזער נביא.

די רעדע איז געפּעלן געוואָרן.

—איידעלער עמיר,—האָט אלראַי געענטפערט,—קער זיך צוריק קיין באַגדאַד און זאָג, אַז דער קייזער פון ישראל איז ערוב פאַר זייער זיכערקייט און פאַר זייער פאַרמעגן.

—און זייער גלויבן?—האָט כאַנאַין געפרעגט.

—מיר דולדן אַלע אמונות,—האָט אלראַי געענטפערט, וואַרפנדיק אַ בליק אויף יאַבאַסטערן.

—ביז ווייטערדיקע פאַראָרדנונגען,—האָט דער כּוהן גדול צוגעגעבן.

אלראַי האָט געשיינקט כאַנאַינעל אַ קינזשאַל מיט בריליאַנטן און האָט אָפּגעלאָזט די דעפּוטאַציע.

—דאָס איז אַן אומגעוויינלעכער מענטש,—האָט ער געזאָגט צו יאַבאַסטערן וועגן כאַנאַינען.

—אַן אָנגענעמער טערק.

—דו מיינסט, אַז ער איז אַ טערק?

—לויט די קליידער.

—ס'קען זיין, עזריאל, הייס דעם לאַגער אויפהויבן זיך. מיר גייען קיין באַגדאַד.

---

די ידיעה, אַז מען טרעט גלייך אַרויס קיין באַגדאַד, האָט זיך פאַרשפּרייט תּיכף איבערן גאַנצן לאַגער. אַלע האָבן זיך גענומען גרייטן. אלראַי איז אַליין געבליבן אין זיין געצעלט. ער איז געזעסן פאַרטראַכט. פּלוצלונג האָט ער דערהערט אַ שטים: אלראַי! דאָס איז געווען אסתּר די נביאה.

—אלראַי! גיי נישט קיין בבל!—האָט זי געזאָגט.

—וואָס הייסט?

—איך שווער ביי מיין לעבן, אַזוי האָט גאָט געזאָגט: גיי נישט קיין בבל.

—וואָס שרעקט

—גיי נישט קיין בבל.

—זאָל איך גאָר אָן אַ סיבה ענדערן מיין גורל.

—גאָט הייסט, דאָס איז די סיבה.

—איך בין משיח—און האָב גאָטס שטים נישט געהערט.

—איצט הערסטו. דו וועסט דאָך נישט גרינגשעצן גאָטס נבואה, ווי אחאב דער קעניג פון ישראל.

—דיך גרינגשעצן!—דיך, וואָס דו האָסט מיר אָנגעזאָגט נצחונות? איך גלויב אין דעם געטלעכן באַרוף.

—איצט גלויבסטו נישט.

—אסתּר!—האָט אלראי געזאָגט, אָננעמענדיק איר ווייך פאַר דער האַנט.—די הויפּטשטאָט פון מזרח וועט דיר באַלד באַווייזן אַלע אירע וואונדער. מיר זיינען שוין נישט מער אין דער וויסטע־ניש. פאַרגעס דיינע אומרואיקע פאַנטאַזיעס. קום מיט מיר, דו וועסט זיך אויסקלייבן אַ מאַן פון מיינע פעלדהערן, און איך וועל דיר געבן אַ קעניגרייך אין נדן. דיין קייזערלעכער קאָפּ איז עס ווערט.

די נביאה האָט אויסגעשטעלט אויף אלראי אירע שוואַרצע ברייט־געעפנטע אויגן. וואָס איז ביי איר פאָרגעקומען אין דער נשמה, האָט מען נישט געקענט פאַרשטיין. נאָכדעם האָט זי אָפּגעווענדט דודס האַנט און פאַרלאָזט דעם געצעלט.

# XVI

אויף אַ מילכווייסן פערד, אַרומגערינגלט מיט אַ גלענצנדער סוויטע, איז אלראי אַריינגעפאָרן אין שטאָט. אים האָבן באַגעגנט איתמר און די פריערדיקע דעפּוטאַציע. נאָר כאָנאַין האָט געפעלט. באַגלייט פון שטאַב און פון דער הייליקער גוואַרדיע, איז אלראי דורכגעפאָרן איבער די גאַסן פון שטאָט ביזן סעראַל—דעם קאַליפס פּאַלאַץ. אין פירקאַנטיקן הויף האָט ער צוגענומען די שבועה אויף אונטערטעניקייט פון דעם עלטסטן סריס און איז אַריין אין פּאַלאַץ. ער איז דורכגעגאַנגען אַ שורה זאַלן, באַקאַנטע נאָך פון ערשטן מאָל, ווען ער איז געווען אין באַגדאַד, און איז געקומען אין דעם זאַל פון דעם מלוכה־ראַט. דאָ האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם פּראַכטפולן דיוואַן פון דעם הערשער פון די רעכטגלויביקע.

—אַ רואיקער געזעס נאָך אַזאַ לאַנגן מאַרש!—האָט ער אויסגעשריען.—איצט איתמר דערצייל: ווי איז די שטימונג אין שטאָט? וואו איז דער סולטאַן פון רום?

—מיין האַר, די שטאָט איז רואיק און, דוכט זיך, צופרידן, דער שאַלטאַן מיטן קאַליף וואַרטן נאָך ביי דער גרענעץ.
—איך האָב אַזוי טאַקע אויסגערעכנט. דאָס איז שוין שויראס זאַך. זאָל דאָס חיל אויסשטעלן אַ לאַגער הינטער שטאָט. און אַ גאַרניזאָן פון צענטויזנט זאָל זיך בייטן יעדן חודש. איתמר—דו וועסט זיין דער שטאָטפאַרוואַלטער. דו, עזריאל—דער פאַרוואַלטער איבערן חיל. געערטער יאַבאַסטער, דו וועסט מיר צושטעלן אַ באַריכט וועגן די שטאָט-ענינים. און דו, מוטיקער שרירא, וועסט נישט לאַנג קאָנען רוען. אין דריי טעג אַרום דאַרפסטו זיין מיט דיין חיל אויף יענער זייט טייך. איך ווייס פריער, אַז זיי וועלן זיך נישט שטעלן שלאָגן. מאָרגן אום האַלבן טאָג—אַ באַראַטונג. צום ווידערזען.
אַלע זיינען אַוועק, נאָר יאַבאַסטער איז געבליבן.
—מיין האַר, איך האָב דיר געוואָלט עפּיס בעטן.
—רייד, טייערער יאַבאַסטער.
—איך האָב געוואָלט ריידן וועגן אבידנען. ער איז איינער פון אונזערע גרעסטע העלדן. פאַרוואָס בלייבן זיינע פאַרדינסטן אָן אויפמערקזאַמקייט?
—אבידן!—איך קען אים גוט. אַ העלד, אָבער אַ טרוימער, אַ טרוימער.
—ער איז אַ טרוימער, אָבער אַן איבערגעגעבענער זון פון זיין פאָלק און אַ גאָטספאָרכטיקער.
—ליבער יאַבאַסטער, מיר זיינען אַלע איבערגעגעבענע זין פון פאָלק. אָבער איך דאַרף אַרום זיך האָבן מענטשן, וועלכע זעען נישט קיין חלומות וואַכעדיקערהייט. מיר דאַרפן זיך היטן פאַר טרוימער.
—טרוימען—דאָס זיינען שטימען פון גאָט.
—ווען גאָט שיקט זיי. אמת, יאַבאַסטער. אָבער אבידן מיט זיינע חברים זיינען פול מיט געדאַנקען, אַרויסגענומענע פון אַלטע מסורהס. בקיצור, דאָס זיינען געפערלעכע מענטשן.
—קעניג פון ישראל. אימיצער האָט דיך אויפגערייצט אַנטקעגן זיי.

—קיין אַנדערע יועצים אויסער דיר, יאַבאַסטער, האָב איך נישט. איך דאַרף האָבן מענטשן פּראַקטישע. אָט אבנר, עזריאל, איתמר, מודד—דאָס זיינען מענטשן, וועלכע עס טוען, און טרוימען נישט. זיי פאַרלירן זיך נישט און פאַרשטייען זייער אָרט און זייער צייט. אָבער אבידן טראָגט זיך אַרום מיט איין געדאַנק—אויפ־שטעלן דעם בית המקדש. מיט אַזעלכע אויפשטעלער וואָלט אויך אַן אויפגעבויטער בית־המקדש גלייך איינגעפאַלן. ער האָט גע־רעדט פאַרן חיל, אַז איך טאָר נישט אַריין קיין באַגדאַד. די די שטאָט געפעלט אים צו רופן בבל, מחמת אים האָט זיך עפּיס אָפּגעדולכט.

—געוועזן אַ צייט, ווען דו האָסט זיך אַנדערש באַצויגן צו זעהונ־גען און טרוימען.

—בין איך אָבער נישט אבידן. איך געהער צו אַן אַנדער מין מענטשן. דו אַליין קאָנסט מיך נישט באַגרייפן. גענוג. איך וויל מער נישט ריידן וועגן דעם. ביז מאָרגן—אויף דער באַראַטונג.

יאַבאַסטער איז אַוועק שווייגנדיק.

„אַוועק,—האָט אלראי געטראַכט,—סוף־כל־סוף בין איך אַליין. איך קאָן די דאָזיקע מענטשן נישט איבערטראָגן אויסער דעם שלאַכט־פעלד. זיי שטערן מיר אויסצוטראָגן מיינע געדאַנקען. די איינ־זאַמקייט איז געוועזן דאָס וויגבעטעלע פון מיין גרויסקייט. איצט דאַרף איך מיך מער אין קיין זאַך נישט פוצן, כדי צו באַווייזן וואונדער.

„שלמהס סצעפּטער. ס׳קאָן זיין. איצט אָבער איז ער אלראיס סצעפּטער. די וועלט געהערט מיר. זאָל איך מיך אָפּזאָגן פון אַלץ, צוליב די נאַרישע רייד פון עפּיס אַ טרוימער אַ כהן! איינגענומען אַזיע! און אָט דער גלאַנץ זאָל דערנידעריקט ווערן ביז רעגירן איבער אַ קליינע מדינהלע, ביז בלייבן אַ פירשט פון אַ האָרדע פאַסטוכער?

„צי דען איז גאָט אַזוי שוואַך, אַז מיר דאַרפן באַגרענעצן זיין הערשאַפט צווישן לבנון און ירדן? וואו איז דאָס געשריבן? און אויב געשריבן—זאָג איך אַנדערש. איך בין אַליין אַ נביא.

און זאָל מיין ציון זיין–באַגדאַד. דער בת קול! אָ, איך האָב דייטלעך געהערט–ער האָט מיך גערופן. איך דין צו גאָט, נישט צו יאַבאַסטערן. גאָטס הערשאַפט וועל איך פאַרשפרייטן איבער אַלעמען. און וועלכער כהן וועט זיך דערלויבן צו האָבן אַ ספק אין מיין ערלעכן גלויבן, נאָר דערפאַר וואָס די מזבחות זיינע רויכערן זיך אויף אַנדערע בערג, נישט אויף די בערג פון יהודה? מ׳דאַרף זען כאָנאַינען, ער איינער וועט מיך פאַרשטיין.

# XVII

עס איז געווען בין־השמשות, אַ קליין שיפל מיט איין רודע־רער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן דער טרעפּביים סאַמע ברעג. פון אים איז אַרויס אַ מענטש און זיך געלאָזט גיין אַרויף די טרעפּ. ער האָט אָפּגעעפנט אַ גאָלדענע קראַטע און איז אַריין אין אַ גרויסן זאַל פון ווייסן און גרינעם מירמל, פון וועלכן עס איז געווען אַ טיר אין סאָד אַריין. קיינער איז אין זאַל נישט געווען. דער מענטש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ זילבערנער קושעט נעבן אַ פאָנטאַן, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן זאַל. אַ שטיל שעפּטשען האָט אים אויפגעוועקט פון טראַכטן. מען האָט אָנגערופן דעם נאָמען „כאָנאַין". ער האָט אויפגעהויבן די אויגן. אַ פיגור, אַ פאַרדעקטע פון קאָפּ ביז די פיס, האָט זיך דערנענט פון אַריינגאַנג פון סאָד.

—כאָנאַין,—האָט זי געזאָגט, אַראָפּוואַרפנדיק די דעקע.—כאָנאַין! אַך, ווידער דער שיינער שטומאַק!

די פיגור—דאָס איז געווען די פרינצעסין שירין. פון אַ זייטיקער

טיר איז אַריין כאָנאַין מיט אַן אָנגעצונדענער ליכט און איז צוגעגאַנגען צו דער פּאָר.

—אלראי !—האָט כאָנאַין אויסגעשריען אַ צומישטער, און די ליכט איז ביי אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט.

—אלראי !—האָט אויסגעשריען שירין.

—טאָכטער פון קאַליף !—האָט געזאָגט דער קעניג פון ישראל, אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף איין קני פאַר איר.—איך בין אלראי, וואָס אין מיינע הענט איז איבערגעגעבן געוואָרן די קעניגרייך פון דיין פאָטער. אָבער די פרינצעסין שירין האָט נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר דעם, וועלכער האָט העכער פאַר אַלע זיינע נצחונות געהאַלטן דעמדאָזיקן באַווייז פון איר פריינטלעכקייט צו אים.

דערביי האָט ער אַרויסגענומען פון בוזעם די פּאַטשערקעס פון פערל און שמאַראַגדן און האָט זיי אַריינגעלייגט צו איר אין האַנט.

די פרינצעסין האָט זיך אָפּגעקערט און פאַרמאַכט דאָס געזיכט מיט די אויגן.

—טייערער כאָנאַין,—האָט געזאָגט אלראי,—איר מיינט, אַז איך האָב פאַרגעסן דאָס, וואָס איז געווען, אַז איך בין אומדאַנקבאַר. מיין קומען אַהער באַווייזט, אַז עס איז נישט אַזוי. איך בין אַהער געקומען דערוויסן זיך אייערע פאַרלאַנגען, כּדי צו דערפילן זיי, אויף וויפיל דאָס איז אין מיין מאַכט.

—קעניג !—האָט געזאָגט כאָנאַין, וועלכער איז שוין אַ ביסל צו זיך געקומען.—מיינע פאַרלאַנגען זיינען נישט גרויס. פאַר דיר שטייט די טאָכטער פון מיין געוועזענעם הערשער. זי האָט נישט געוואָלט גיין מיט איר פאָטער, ווייל זי האָט שוין לאַנג, ווי דיר איז באַוואוסט, געוואָלט זיך באַפרייען פון דעם אַרט לעבן אין קאַליפס הויף, וועלכער איז איר צו לאַסט געפאַלן. זי איז דאָ ביי מיר אין אַ קיאָסק אין גאָרטן. פאַרנאַכט נאָר קומט זי אַהער צו גיין שמועסן מיט מיר, און אויסהערן די שטאָטיקע נייס. איצט זיינען מיר אין דיינע הענט. איך בעט ביי דיר שוין.

—טייערער כּאָנאַין!—האָט אלראי געענטפערט.—דאָס איז איבע־
ריק. די פרינצעסין שירין קאָן זאָגן, וואָס זי פאַרלאַנגט—אַלץ
וועט דערפילט ווערן. איך האָב געוואָלט מיט דיר וועגן עפּיס
ריידן. נאָר איצט וועל איך אַוועקגיין, כּדי נישט צו שטערן.
מאָרגן אין דערזעלבער צייט וועל איך דאָ זיין. אַ גוטע נאַכט!

---

דעם קאַליפס טאָכטער האָט שפּאַצירט, אָטעמענדיק מיט דער
פאַרנאַכטיקער לופטיקייט. נאָכדעם האָט זי זיך צוגעזעצט אויף
אַ ברעג פון אַ פאָנטאַן און האָט זיך פאַרטראַכט. איר קאָפּ האָט
גערוט אָנגעלענט אויף דער האַנט, ווי אַ פרוכט אויף אַ צווייג.
פּלוצלונג האָט זי אַ ציטער געטאָן: אלראי איז געשטאַנען נעבן
איר. זי האָט זיך געשטעלט און געוואָלט אַוועקגיין.
—שיינע פרינצעסין, גיי פון מיר נישט אַוועק!—האָט אלראי
אויסגעשריען.
—קעניג, כּאָנאַין וואַרט אויף דיר, דערלויב מיר אים רופן.

—פרינצעסין, נישט מיט אים בין איך אַהער געקומען ריידן.

ער האָט זיך צוגעזעצט נעבן איר. זיין געזיכט איז געווען
בלאַס.
—אַזוי ווייניק צייט צוריק האָב איך אין דעמדאָזיקן סאָד שפּאַ־
צירט... אָבער יענע טעג דערמאָן איך מיר, ווי עפּיס אָן אַל־
טע זכרונות פון אַן אַנדער לעבן.
—געוויס אַן אַנדער לעבן,—האָט די פרינצעסן געזאָגט.—מיר אַליין
און די וועלט און אַלץ האָט זיך אַזוי געענדערט.
—אַ גרויסע ענדערונג!
—זינט דו האָסט דעם ערשטן מאָל באַזוכט מיין שיינעם קיאָסק!
אַ שיינע שפּילצייג. היט אים, איך בעט דיך!
—ער איז פאַר מיר הייליק, ווי דו אַליין.
—דו ביזט אַן איידעלער באַשיצער.
—איך בין נישט קיין באַשיצער, שיינע שירין! איך בין אַ קנעכט,

נאָך אַ מער אונטערטעניקער, איידער יענעם מאָל, ווען איך האָב זיך פאַר דיר געבוקט.
—און גענומען ביי מיר אַ משכּון, אָן וועלכן איך האָב נישט פאַרגעסן. אָט זיינען דיינע פאַטשערקעס.
זי האָט אים דערלאַנגט די פאַטשערקעס. אירע הענט זיינען געבליבן אין זיינע. ער האָט זיי צוגעדריקט צו זיינע ליפּן.

—אָ, שיינע,—האָט אויסגעשריען דער יונגער קעניג פון ישראל,—אָ, מיין נשמה, מיין לעבן, מיין שירין! גלויב מיר, די אמונה פון דיינע עלטערן, דוינע מנהגים, אַלץ וועט בלייבן אין כּבוד און גדולה. פּרעהס טאָכטער האָט געטיילט מיט מיין עלטער־זיידן שלמה די מלוכה. זאָל מען נישט זאָגן, אַז די טאָכטער פון טאַליף האָט נישט געוואָלט טיילן מיט מיר מיין קרוין און מיין מאַכט.
די פּרינצעסין האָט זיך צו אים אָנגעבויגן אויפן ברוסט.
—אָ, אלראַי!—האָט זי אויסגעשריען.—דו ביזט מיין גלויבן, דו ביזט מיין פאָטערלאַנד, דו ביזט מיין לעבן!

## XVIII

היינט גייט דער קעניג אַרויס שפּעט.

—אמת, עזריאל, אַז עס איז געקומען אַ שליח פון האַמאַ־דאַן?

—גאָרנישט, איתמר. איך האָב געהאַט אַ פּריוואַטן בריוו פון אבנרן. אַלץ רואיק.

—ס'איז שוין זייער שפּעט. ווען טרעט ער אַרויס, שרירא?

—דאָס חיל איז גרייט. איך וואַרט נאָר אויף אַ באַפעל. אפשר וועט מען אויף היינטיקער באַראַטונג באַשטימען.

—היינט וועט מען באַטראַכטן נאָר די שטאַט־ענינים,—האָט יאַ־באַסטער דערקלערט.

—אַזוי?—האָט עזריאל געפרעגט.—אייער באַריכט איז שוין פאַר־טיק, יאַבאַסטער?

—שוין,—האָט דער כהן גדול געענטפערט.—דער יידישער געזעצ־געבער דאַרף וועגן אַזאַ זאַך נישט לאַנג טראַכטן. מיר האָבן אַ מוסטער, וועלכער וועט קיינמאָל נישט אַלט.

איתמר מיט עזריאלן האָבן זיך דורכגעקוקט פיל באַדייטנדיק. מען איז געבליבן שטיל. לסוף האָט עזריאל איבערגעריסן די שטילקייט:

—איך בין נאָך ביי אייך נישט געווען, יאַבאַסטער. מען זאָגט, אַז איר האָט זיך שלעכט איינגעאָרדנט.

—אַבי ווי. מיר וועלן דאָ דאָך לאַנג נישט פאַרבלייבן. מיר האָבן דאָך נאָך נישט געענדיקט.

—ס'איז עפּיס ווייט ביז דער הייליקער שטאָט?—האָט שרירא געפרעגט?

—אַ חודש גאַנג,—האָט יאַבאַסטער געענטפערט.

—מ'זאָגט, יאַבאַסטער, אַז גאַנץ ירושלים איז נישט גרעסער פאַר דעם באַגדאַדער סעראַל מיט די סעדער?—האָט איתמר געפרעגט.

—שטיינער זיינען צעפאַלן געוואָרן—וועלן מיר אויסבויען פון מירמל, און ציון וועט ווידער שיינען מיט פּאַלאַצן און מיט געצעלטן.

דערווייל האָט זיך די טיר געעפנט און אלראי איז אַריינגעגאַנגען אָנגעלענט אויף דער האַנט פון באַגדאַדער פאָרשטייער.

—געערטע פעלדהערן!—האָט ער געזאָגט צו די פאַרוואונדערטע פאַרזאַמלטע.—אין דעמדאָזיקן פרעמדגלויביקן זעט איר אַ מענטשן, וועלכן איך שיינק מיין צוטרוי ווי אייך. יאַבאַסטער, דאָס איז דיין ברודער!

—כּאָנאַין! דו ביזט כּאָנאַין! האָט דער כהן גדול אויסגעשריען, אַ שפּרונג טאָענדיק פון אָרט און אַרויספאַלנדיק כּאָנאַינען אויפן האַלז.

—קעניג!—האָט ער זיך נאָכדעם געווענדט צו אלראי.—זיי מיר מוחל, וואָס איך האָב אין דער רגע, שטייענדיק פאַר דיר, געטראַכט וועגן מיינע אייגענע אָנגעלעגנהייטן!

—אַלץ וואָס איז נוגע דיר, יאַבאַסטער, געהערט אָן צו מיין וואוילשטאַנד. יאַבאַסטער איז די הויפּטשטיצע פון מיין מאַכט.—אלראי האָט אים באַוויזן אַן אָרט רעכטס פון זיך.—שרירא! דו

טרעסט היינט אין אָונט אַרויס.
דער פעלדהער האָט זיך פאַרנויגט.
—וואָס איז דאָס?—האָט אלראי געפרעגט, בשעת יאַבּאַסטער האָט אים דערלאַנגט די פאַרמעטענע מגילה.—אַ, דיין באַריכט. אָר־גאַניזאַציע פון די שבטים... עבודה פון די לויים... די נשיאים... די זקנים... איצט, יאַבּאַסטער דאַרפן מיר זיך באַנוגענען דער־מיט, וואָס מיר וועלן אונטערהאַלטן די אָרדענונג און איינפירן גערעכטיקייט. מוטיקער, יאַבּאַסטער. דו ביזט פעאיק אויף גרע־סערע זאַכן. דאָס פאָלק ישראל אַכט דיך, און איך, ישראלס קעניג, ווייס, אַז אונטער מיין פאָן איז נישטאָ קיין איבערגע־געבענערער און מוטיקערער פאַר דיר. נאָר איך זע, צום באַ־דויערן, אַז די קאַווקאַזער היילן זיינען נישט קיין שול פאַר געוועלטיקונג...
—קעניג, איך האָב געמיינט, אַז די בעסטע שול פאַר געוועל־טיקונג איז משהס תורה.
—פאַרשטייט זיך. נאָר נישט צוגעפּאַסט צו היינטיקער צייט. טייערער יאַבּאַסטער! מיר דאַרפן צוריק אויפשטעלן דעם טראָן פון פאָלק ישראל—דאָס איז מיין אויפגאַבע, און בנוגע די מיטלען, קאָן נישט זיין קיין פראַגע: ווי... אָדער וואו... עזריאל, וואָס פאַר ידיעות זיינען פאַראַן פון מידדן?
—צווישן חידקל און פרת איז אַלץ רואיק. איך מיין, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען פאַרבייטן אים איצט אויף אבידנען.

—איך מיין אויך אַזוי. אבידן איז אונז דאָ נישט זייער נויטיק. איצט, יאַבּאַסטער, לאָז איך דיך איבער מיט דיין ברודער. שרירא, דו וועסט מיט מיר עסן אָוונטברויט.

---

—איך דאַרף זען דעם קעניג.
—הייליקער כהן גדול, ער איז ביי זיך. ס'איז אוממעגלעך.

—איך מוז מיט איםריידן, געערטער פאַרעס, איך נעם די

פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף זיך.

—גלויב מיר! דער קעניג האָט שטרייַנג באַפוילן.

—דו ווייסט, ווער איך בין?

—דער מענטש, וועמען אַלע פרומע יידן ערן.

—זאָג איך דיר, אַז איך מוז זען דעם קעניג.

—דאָס איז נישט מעגלעך.

—זאָל צוליב אַ קנעכט דאָס פאָלק ישראל גיין פאַרלאָרן? אַוועק! איך גיי אַליין אַריין.

יאַבאַסטער האָט אָפּגעשטויסן פאַרעסן אָן אַ זייט און איז אַריין צום קעניג. פאַרעס האָט אים געשלעפט פאַר דאָס קלייד צוריק.

—וואָס איז דאָס?—האָט אלראי אויסגעשריען.—פאַרעס, אַוועק! יאַבאַסטער, אין באַגדאַד איז אַן אויפשטאַנד?

—ערגער, באַלד וועט גאַנץ ישראל אויפשטיין. דערדאָזיקער שרעקלעכער מענטש, מיין ברודער, האָט מיר אַלץ דערציילט. איך קאָן נישט רוען, איידער איך וועל נישט אויפהויבן מיין שטימע דיך צו רעטן.

—איך בין דען אין געפאַר?

—אין דער ווילדער וויסטעניש איז די געפאַר געווען קלענער, איידער איצטער. דעמאָלט האָט איבער דיר גאָט געוואַכט. איצט, אַז גאָט האָט דיך דערלייזט פון קנעכטשאַפט, אַז דו ביזט געוואָרן דער אָנפירער פון זיין פאָלק, האָסטו זיך פון אים אָפּגעקערט, און ווילסט זיך פאַרייניקן מיט דער אומווירדיקייט פון פרעמדע פעלקער.

אלראי האָט רואיק אַוועקגעלייגט די האַנט יאַבאַסטערן אויפן אַקסל און געפרעגט:

—דאָס רעדסטו וועגן מיין חתונה?

—וועגן אַ חתונה, וואָס האָט געבראַכט שאָדן אויף שלמה המלך.

—איך האָב צוריק אויפגעשטעלט גאָטס פאָלק, אויף זיינע מזבחות דעמפן זיך קרבנות, זיינע כהנים—זיינען געערט. דו זעסט דאָס אַלץ, יאַבאַסטער,—וואָס ווילסטו נאָך?

—איך וויל, מיר זאָלן עקזיסטירן, ווי אַ פאָלק. איך וויל ארץ ישראל, איך וויל ירושלים, איך וויל דעם בית המקדש,—דאָס אַלץ, פאַרוואָס מיר האָבן געקעמפט—אונזער גלויבן, אונזערע מנהגים, אונזערע מדות... אָ, מיין פירשט! איך באַשווער דיך מיט אַלעם הייליקן—קום צו זיך. דיר דראָט דער נסיון, וואָס האָט אַראָפּגעפירט פון וועג דיינע עלטערן. דלילה וועט דיר אָפּשניידן דיינע הייליקע האָר.

—איך בין נישט קיין בוגד אין גאָט פון ישראל, וואָס אין זיין נאָמען האָב איך אָפּגעהאַלטן מיינע נצחונות. נאָר, יאַבאַסטער, דו ביזט דאָך אַ געלערנטער. זאָג, צי קאָן איך פאַרבייטן אַ גאַנצע גרויסע מלוכה אויף איינע פון די קלענסטע פּראָווינצן? איך בין דער הערשער פון אַזיע, און מיינע יורשים דאַרפן בלייבן הערשער פון אַזיע. אונזער פאָלק איז נאָר אַ קליינער טייל צווישן די מיליאָנען, וועלכע זיינען מיר אונטערטעניק. די מוסולמענער וועלן בעסער אָנערקענען מיינע יורשים, געדיינקענ־דיק, אַז זייער מוטער איז די טאָכטער פון קאַליף.

—מיין קעניג! וואָס איז פאַר אונז באַגדאַד און די פילע מי־ליאָנען, וואָס זיינען דיר אונטערטעניק און האַלטן נישט פון אונזערע געזעצן. אַ דאַנק דידאָזיקע געזעצן האָט זיך אַראַי דערהויבן, און ווען ער זאָגט זיך פון זיי אָפּ—וועט ער פאַלן. אָ, וויי און ווינד צום פאָלק ישראל! בשעת איך האָב אויפגע־הויבן דיין מידן קערפּער אין דער הייל אַרום די געגנטן פון יריחו, און דודס שטערן האָט אַזוי העל געשיינט אין הימל—ווער האָט דעמאָלט געקאָנט וואַרטן אויף אַזאַ סוף... אַ גוטע נאַכט, קעניג.

—וואַרט, יאַבאַסטער, דו ערשטער איבערגעגעבנסטער פריינט מיינער, איך באַשווער דיך, גיי נישט אַוועק!

דער כהן גדול האָט זיך לאַנגזאַם אומגעקערט. דער קעניג איז געשטאַנען נישט קיין זיכערער.

—גיי פון מיר נישט אַוועק אין כעס, יאַבאַסטער!

—אין אומרואיקייט, קעניג. אין שרעקלעכער אומרואיקייט.

—ישראל הערשט איבער אַזיע—פאַרוואָס האָבן מיר מורא? גיי

נישט אַוועק. אין די שטערן קאָנסטו דאָך לייענען. גיי זע, ווי העל מיין שטערן שיינט.
אלראי האָט אויפגעהויבן דעם פאָרהאַנג און האָט יאַבאַסטערן אַרויסגעפירט אויף דער טעראַסע. אַ שיינער שטערן האָט געשיינט אין הימל. נאָר בשעת זיי האָבן אויף אים אַ קוק געטאָן, האָט זיך זיין קאָליר אָנגעהויבן בייטן, און אַ בלוטרויטער מעטעאָר איז אַרויסגעשפרונגען פון זיין ספערע און פאַרפאַלן געוואָרן אין דעם וועלטרוים. דער משיח מיטן כהן־גדול האָבן זיך באַגעגנט מיט די אויגן. זייערע ביידנס פנימער זיינען געוואָרן בלאַס און דערשראָקן.
—קעניג,—האָט יאַבאַסטער געזאָגט,—גיי אין לאַנד יהודה.
—דאָס באַטייט נאָר די מלחמה,—האָט אלראי זיך געסטאַרעט צו באַרואיקן.—אודאי אומרועז אין פרס.
—אומרועז זיינען דאָ, נישט ערגעץ אַנדערש. אַ געפאַר דערנענט זיך. היט זיך.
אַ ווילדער געשריי האָט זיך דערהערט פון גאָרטן. דריי מאָל האָט ער זיך איבערגעחזרט.
—וואָס איז דאָס?—האָט אלראי אַ דערשראָקענער געפרעגט.—יאַבאַסטער, נעם אַ מענטשן און גיי גיב אַ קוק אין גאָרטן.

—אומזיסט,—האָט יאַבאַסטער געענטפערט.—דאָס איז אַ גייסט, ער האָט עס גערעדט.
—וואָס באַטייטן זיינע ווערטער?
—מנה מנה תקל ופרסין*).

---

אַז אלראי האָט דערציילט כאָנאַינען דידאָזיקע געשיכטע, האָט יענער געזאָגט:
—אַן אַלטע געשיכטע. דער כהן—אַנטקעגן קעניג. אַז איך וועל

*) די ווערטער, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו בלשצאר, דעם קעניג פון בבל, פאַר אַ סימן, אַז עס איז געקומען זיין סוף.

ווערן דיין קאַמערהער, ווערן קיינע רוהות און קיינע בייזע חלומות נישט שטערן דיין רו.

—טאָ פאַרנעם זשע סוף כּל סוף דידאָזיקע שטעלע. וואָס מאַכט די טייערע שירין?

—זי טרייסט זיך מיט דיין פּאָרטרעט. זי איז מיט אים אַזוי פאַרנומען, אַז זי וויל אפילו מיט מיר נישט ריידן.

## XIX

מ'האָט גאַנץ אַזיע אָנגעזאָגט, אַז דער יידישער קעניג האָט חתונה מיט דער באַגדאַדער פרינצעסין. מיליאָנען מענטשן זיינען זיך צונויפגעפאָרן אין דער הויפטשטאָט אויף דער חתונה, מ'האָט זיך געפרייט, געפראַוועט מאָלצייטן, געטאַנצט און געזונגען. זיבן טעג און זיבן נעכֿט אָן אויפהער האָבן געדויערט די שמחות. און לאַנג נאָך האָבן די איינוואוינער פון דעם פליין אַרום חידקל דערציילט וועגן די וואונדער פון דידאָזיקע פריילעכֿע טעג.

## XX

עס איז געוואָרן אַ שטורמדיקע נאַכט. דער טייך חידקל האָט געפלאַמט אונטער די בליצן מיט פייערדיקע כֿוואַליעס. יאַבאַסטער האָט פון זיין פּאַלאַץ געקוקט אויף דעם געוויטער. זיין געזיכֿט איז געווען אומרואיק. ער האָט געטראַכֿט וועגן אַלראַי, וועלכֿער האָט אויפגעהערט צו פאַרנעמען זיך מיט די ענינים פון דער מלוכֿה, האָט זיך פאַרלאָזט אויף זיינע מקורבים, און אַליין זיך אָפּגעגעבן זיין פרוי, דער פרינצעסין פון באַגדאַד. דאָס האַרץ האָט אים געריסן אויף דעמדאָזיקן יונגן העלד, וואָס גאַנץ אַזיע איז אים אונטערטעניק—און וואָס זיין סוף איז אַזוי נאָענט... מנה מנה תקל ופרסין—נישט דערוואויגן, נישט דערגאַנגען ביזן סוף, און זיין גורל ווערט דער גורל פון דעם רשע בלשצאר.

פלוצלונג האָט ער דערזען אַ שיפל אויפן טייך. ער האָט זיך געוואונדערט, ווער קאָן עס שטעלן זיך אין סכנות איצט צו לאָזן זיך איבערן טייך.

דאָס שיפל האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ געהיימען אַריינגאַנג אין פּאַלאַץ. מען האָט אָנגעקלאַפּט. יאַבאַסטער האָט אויפגעעפנט. דאָס זיינען געווען אבידן און די נביאה אסתּר.

—וואָס הערט זיך נייס?—האָט יאַבאַסטער געפרעגט.

—ווײ־ווײ־ווײ...

—דיין געוויינלעך לידל, שוועסטער. צי דען וועט נישט קומען קיין טאָג, ווען מיר וועלן זינגען פרייליכערע לידער?

—ווײ! ווײ! ווײ!

—אבידן, זאָג דו, וואָס הערט זיך. איך זע, אַז דו ווילסט מיר דערציילן עפּיס אַ שרעקלעכע זאַך. רייד זשע. איך ערוואַרט דאָס ערגסטע. מעגסט ריידן אָפן.

—אלראי האָט זיך דערקלערט פאַר אַ קאַליף. אבנר איז באַשטימט פאַרן סולטאַן פון פרס. עזראל, איתמר, מידד און די הויפּטקאָ־מאַנדירן—פאַר וויזירן, כאַנאַין—דער גרויסוויזיר. פיר מוסולמענער פון די מיוחסים גייען אַריין אין מלוכה־ראַט. דעם קומענדיקן פרייטאָק גייט די פרינצעסין מיט אַ פייערלעכער פּראָצעסיע אין מעטשעט און מען זאָגט, אַז דיין תּלמיד וועט זי באַגלייטן.

—איך גלויב דאָס נישט!—האָט יאַבאַסטער אויסגעשריען.—און אַז אַפילו מיינע אויגן וועלן דאָס זען, וועל איך אויך נישט גלויבן. אין מעטשעט! מ׳האָט פון דיר געלאַכט, אבידן!

—אפשר, דאָס איז אַ קלאַנג, נאָר קלאַנגען זיינען נישט אלעמאָל פאַלשע. דאָס איבעריקע איז אַלץ אמת. מיר האָט עס דערציילט צלמונע, ער איז אַוועק פון דעם מאָלצייט אין סעראַל.

—אפשר זאָל איך צו אים גיין... האָט יאַבאַסטער זיך געפרעגט,—דאָס איז דאָך געוויס אַ ליגן. משיח אין מעטשעט! קיין וואונ־דער נישט, וואָס עס דונערט אַזוי. גאָטס דונער זאָל טרעפן די טאָכטער פון מואב, וואָס פירט אים פון וועג אַראָפּ. איך גיי און צושטער זייער שמחה!

—דו האָסט דאָך געוואָרנט, ער זאָל נישט חתונה האָבן מיט

איר,—האָט אבידן געזאָגט.
—יאָ, ער האָט חתונה געהאַט. אמת. כּאַנאַין—גרויסוויזיר. נאָך צוואַנציק יאָר האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט. ער האָט, דאַכט זיך, אויסגעמיטן מיינע אָרעמס...
—ער איז דיר שוין קיין ברודער נישט...
—ווייסטו אויף געוויס, אַז ס'איז אמת?—אויסער דער פּראָצעסיע אין מעטשעט—דאָס איבעריקע? דאָס איז אויך געגוג שרעקלעך.

—צלמונע איז געגאַנגען פון מאָלצייט, האַסאַן־סובאַס ברודער איז געזעסן אויף אַ שענערן אָרט פון אים.
—ווי! ווי! ווי!—האָט אויסגעשריען די נביאה.
יאַבאַסטער איז אַ צעטראָגענער אַרומגעגאַנגען איבערן קאָרידאָר. פּלוצלונג האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נעבן אבידנען.
—איך ווייס דיינע געדאַנקען, אבידן!—האָט ער אויסגעשריען.— איך האָב איצט אַרויסגעטריבן פון מיין האַרצן אַלע געפילן אויף אייביק. איך האָב מער נישט קיין ברודער, קיין פריינט, קיין תּלמיד און קיין משיח, ווי צו מיר, אויך נישט... נישט שוואַכקייט, נישט רחמנות האַלטן מיך איצט אָפּ...
—וואָס זשע?—האָט אבידן געפרעגט.
—איך האָב מורא, אַז צוזאַמען מיט אים וועלן מיר אויך פאַלן. ער איז דער לעצטער פון דער הייליקער משפּחה. נישטאָ קיין אַנדער האַנט, וואָס זאָל קענען איבערנעמען דעם סצעפּטער פון אונזערע מלכים.
—מלכים!—האָט איבדן איבערגעפרעגט.—ווען האָבן יידן געהאַט מלכים? משה איז געווען אַ מלך? אהרן איז געווען אַ מלך? יהושע איז געווען אַ מלך? און גדעון און שמשון? האָבן זיי דען אָן סצעפּטערס נישט געפירט אונזער פאָלק צו רום און צו גדולה? ניין, יאַבאַסטער. דיין גרעסטער פעלער איז געווען, וואָס דו האָסט אלראין געקרוינט. ביי אונז איז נישטאָ קיין יחוס. און דאָס, וואָס ער האָט געטאָן—איז מיט דיין גייסט גע־טאָן געוואָרן. איצט איז ער קעניג, און דו, יאַבאַסטער—ציטערסט, דו, יאַבאַסטער, די אמתע נשמה פון ישראל, וואָס דו ביזט דער

איינער, וועלכער פאַרדינט צו זיין פאַר זיינע מעשים, פאַר זיין גייסט, פאַר זיין פרומקייט און איבערגעגעבנקייט צו אונזער תורה, דער יידישער שופט, דער יידישער אָנפירער,—דו ציטערסט פאַר דעם אומחן, וואָס אַלראי האָט אויף דיר געוואָרפן אין דער צייט, וואָס אונזער סנהדרין איז פול מיט אומריינע עמונים.

—פרייד! פרייד!—האָט אויסגעשריען די נביאה.

—מוסולמענער אין ראַט!—האָט יאַבאַסטער געזאָגט.—מיר ווייסן, וואָס דאָס באַטייט, וואָס נאָך דעם וועט זיין. מיר דאַכט זיך, אבידן, אַז די צייט איז געקומען.

—מיר מיינען אויך אַזוי,—האָט אבידן געענטפערט.—זאָג נאָר איין וואָרט, זיינען צוואַנציק טויזנט שפּיזן גרייט צו פאַרטיידיקן אונזער תורה. איך בין פאַר מיינע מענטשן זיכער, דער מוטיקער שרירא קוקט מיט גרימצאָרן אויף די מואבים. זאָג נאָר אַ וואָרט—שטעלט זיך די גאַנצע סוריער מהנה אונטער אונזער פאָן. מיר וועלן אויפשטעלן די אַלטע געזעצן, און דער טיראַן מיט זיינע סאַטראַפּן זאָלן אומקומען. זאָל בבל טאָן, וואָס זי וויל, און מיר וועלן אַוועק קיין ציון. נאָר איך זע, אַז דו ביזט נישט אַנטשלאָסן...

—רעכן עס מיר נישט פאַר קיין זינד, אבידן,—האָט יאַבאַסטער אויסגעשריען.—איך האָב אין האַרצן עטוואָס אַזוינס, וואָס דו קענסט נישט פאַרשטיין, לאָזט מיך אַליין. אַז דאָס פאָלק ישראל וועט מיך רופן, וועט פון מיין זייט קיין מניעה נישט זיין.

יאַבאַסטער איז אַוועק צו זיך אין צימער. ער האָט פאַרשפאַרט די טיר און גענומען ברעכן די הענט.

—אָ, צו וואָס עס איז דערגאַנגען,—האָט ער געקלאָגט,—וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן! אָ, לעבן, רום, אָ מיין, פאָטערלאַנד, מיין אויסדערוויילט פאָלק, מיין הייליקער גלויבן. צו וואָס לעבן מיר נאָך. לאָמיך בעסער שטאַרבן...

ער איז געפאַלן אויף אַ דיוואַן. זיין האַרץ האָט געפלאַטערט פון ווייטאָג.

---

אויף מאָרגן ביי דער נאַכט איז דער כהן גדול מיט אבידנען אַריין צו דעם לעצטן אין הויז. דאָרט זיינען געווען אַלע, וואָס האָבן געהאַלטן מיט אבידנען.

—מוטיקער שרירא!—האָט יאַבּאַסטער געזאָגט.—איך בין זייער צופרידן, וואָס איך זע דיך דאָ, קיין גוטע זאַך פאַר דאָס פאָלק ישראל ווערט נישט געטאָן אָן דיר. דרייסטער צלמונע, איך בין שולדיק אין דעם, וואָס מיר פלעגן זיך אַזוי זעלטן זען. ליבע חברים! צו וואָס מיר האָבן זיך דאָ פאַרקליבן, איז אייך אַלעמען באַוואוסט. בשעת מיר זיינען אַריבער דעם חידקל, האָט זיך אונז אַפילו נישט געחלומט, אַז מיר וועלן זיך דאַרפן אויף אַזאַ פאַרזאַמלונג צונויפקלייבן. נאָר אַלץ איינס—מיר האָבן אַ באַשלוס אָנגענומען און מער דאַרף מען נישטריידן וועגן דעם. מיר דאַרפן באַפרייען אונזער פאָלק פון קנעכטשאַפט.

—מיר זיינען אַלע גרייט, הייליקער מאַן, אַלע, אַלע.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג איז פאַרטיק געוואָרן אַ פּלאַן, וואָס מען זאָל טאָן.

—הייליקער מאַן,—האָט אבידן געזאָגט צו יאַבּאַסטערן,—אַלראי דאַרף שטאַרבן. אָבער צו מיינסטו, אַז עס דאַרפן בלייבן לעבן עזריאל, איתמר און מידד?

—זיי זיינען מוטיקע קריגער און גייען נאָך זייער פירער, וואָ־רום קיין אייגענעם קאָפּ האָבן זיי נישט. איצט וועלן זיי מוזן גיין נאָך אונז.

—כאָנאַין מוז שטאַרבן,—האָט די נביאה אסתר געזאָגט.

—ניין, ער איז יאַבּאַסטערס ברודער,—האָט אבידן געזאָגט.

—איך האָב נישט קיין ברודער, אבידן!—האָט יאַבּאַסטער גע־ענטפערט.

מען איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

---

עס איז געווען שפּעט ביי דער נאַכט. איין לעמפּל האָט געברענט

אין דעם צימער, וואָס נעבן דער גאַלעריי, פון וואַנען ס׳האָט געפירט אַ טרעפּ אַראָפּ־צו אין גאָרטן אַריין.
אַ פיגור פון אַ פרויענצימער איז איבער דערדאָזיקער טרעפּ אַרויפ־געגאַנגען מיט זייער פאָרזיכטיקע טריט. אין אַ ווינקל פון צי־מער איז אויף אַ בעט פון העלפאַנדביין געלעגן אַ מענטש. די פרוי איז שטילנקערהייט צוגעגאַנגען צו דער בעט און האָט דערזען אלראין אַ שלאָפנדיקן. לכתחילה איז זי אַ פאַרצי־טערטע אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק. נאָכדעם איז זי ווידער אונ־טערגעגאַנגען און האָט זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין דעם שלאָפנדיקן.
„צי דען קאָן אַ שווער זינדיקער מענטש אַזוי רואיק שלאָפן?" האָט די פרוי געטראַכט.—אָ, מיין האַרץ! איך ווייס נישט, צי איך האָב אים מערער ליב, צי פיינט... נאָר שטאַרבן מוז ער.

זי האָט געכאַפּט אַ קינזשאַל, וואָס איז געלעגן דערביי, און אַ זעץ געטאָן אין דעם שלאָפנדיקנס ברוסט. זי האָט געטראָפן אין דער קמיע, וואָס יאַבאַסטער האָט אים אַמאָל געגעבן. אַלראַי האָט זיך אויפגעכאַפּט, און ער האָט דערזען פאַר זיך די נביאה מיט דעם קינזשאַל אין האַנט.
—וואָס איז דאָס? ווער ביזטו! אסתר!
ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, און האָט אַ רוף געטאָן פּאַ־רעסן. די נביאה האָט ער אָנגענומען פאַרן האַנט:
—זאָג, אסתר, וואָס דאַרפסטו?
זי האָט זיך ווילד פאַנאַנדערגעלאַכט, האָט געוואָלט אַרויסרייסן די האַנט פון זיינער און אים געשלעפּט נאָך זיך. אַזוי זיינען זיי ביידע געקומען צו דער טיר, און דאָ האָט אַלראַי דערזען, אַז דער סעראַל ברענט. פּאַרעס איז געקומען צולויפן.
—פּאַרעס!—האָט אַלראַי געשריען.—אַ מרידה! אַ פאַרראַט! זע, מען זאָל בשום אופן נישט עפענען די טויער. גיי, זאָג אַלעמען, מען זאָל זיך נעמען פאַר דאָס געווער. אונזער לעבן איז אין געפאַר.
דער גאַנצער פּאַלאַץ איז שוין געווען אויף די פיס. שירין איז

שוין געקומען צו לויפן.

—מיין לעבן, וואָס איז מיט דיר?

—גאָרנישט, מיין טייערע,—האָט זי אַלראי באַרואיקט, —באַלד וועט אַלץ צוריק זיין אין אָרדנונג.

ער האָט געהייסן די דינסטן זי צונעמען, און אַליין איז ער אַוועקגעלאָפן אין גרויסן הויף אַריין. טויזנטער מענטשן פון די, וואָס האָבן געוואוינט אין סעראַל, האָבן זיך געשטופּט און נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן און געשריען. אַלראיס אָנקומען האָט אַלעמען אויף אַ רגע איינגעשטילט.

ער האָט געמאַכט אַ פאַראָרדנונג נישט צו עפענען די טויער, האָט אַוועקגעשיקט אַ שליח צו עזריאַלן, ער זאָל קומען צו הילף מיט דער הייליקער גוואַרדיע, האָט אַ טייל פון די סריסים באַפוילן לעשן די שרפה. ער האָט מיט אומגעדולט געוואַרט אויף עזריאלס קומען.

—קעניג,—האָט אים איינער אָנגעזאָגט,—פאַלקן חיל קומען צוהער אָן פון אַלע עקן שטאָט.

—דאָס איז עזריאל.

—ניין, קעניג, דאָס איז נישט קיין גוואַרדיע, דאָס איז פון שריראס חיל.

אלראי האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָס זאָל באַטייטן. איינס איז פאַר אים קלאָר געווען—אַז עס איז אַן אויפשטאַנד.

באַלד איז געקומען צוריק דער שליח, וועלכן מען האָט געשיקט צו עזריאלן, מיט דער ידיעה, אַז ער האָט נישט געקענט צוקומען צו עזריאלן. ער האָט געמאָלדן:

—מיין האַר, איך בין געווען געפאַנגען.

—געפאַנגען? מיר האַלטן דען מיט אימיצן מלחמה?

—מיין האַר,—האָט דער שליח ווייטער דערציילט,—זיי פאָדערן, מ׳זאָל דיך טויטן.

—ווער?

—דער ראַט פון די זקנים—אַזוי האָב איך געהערט: אבידן, צלמונע און דער כהן גדול אויך...

# XXI

די פעסטונגען פון סעראַלֿ זיינען בֿייגעשטאַנען אַלע אָנפאַלֿן פון די מורדים. עזריאל און איתמר האָבֿן אויפגעבֿליבֿן זייערע מענטשן, זיינען אַריבֿערגעשוואומען דעם טייך און פון הינטן אַרום אַריין אין פּאַלֿאַץ. מיט דידאָזיקע פרישע כוחות איז אַלֿראָי אַרויס פון טויער און באַפאַלֿן אבֿידנס חיל. שרירא האָט זיינע מענטשן אָפּגערופן, און אבֿידן מיט די אייגענע כוחות האָט נישט געקענט בֿיישטיין אַנטקעגן אַלֿראָי מיט דער גוואַר־דיע, זיינע מענטשן האָבֿן זיך צעשפרייט. די גוואַרדיע האָט זיי נאָכֿגעיאָגט. בֿלוט האָט זיך געגאָסן טייכֿנווייז. אבֿידן איז אַליין קוים אַנטלאָפן. מיט גרויס שוועריקייט איז אים געלֿונגען אַדורכֿצוגיין די טויערן פון שטאָט, און ער איז אַוועק אין מדבר.

---

ביסלעכֿווייז איז דער טומלֿ שטיל געוואָרן. די שחיטה האָט זיך געענדיקט, די שרפות־פּאַרלאָשן. די מרידה איז איינגעשטילט

געוואָרן. איבערן שטאָט זיינען אַרומגעגאַנגען פּאַטרולן. שריראַס אויפפירונג איז געווען נישט פאַרשטענדלעך און מען האָט אים דערווייל געלאָזט אויף דער פרייהייט, באַשטימענדיק אַן אויס־פאָרשונג. יאַבאַסטערן האָט מען געכאַפּט און פאַרזעצט.

אַלראַי האָט אַמידער און אַן אומעטיקער אָפּגערוט אין זיין צי־מער. מ׳האָט אים געמאָלדן, אַז שירין איז געקומען. ער האָט זיך דערפרייט.

—אויס סכנה, מיין טייערע,—האָט ער איר געטרייסט,—אַלץ אַרי־בער.

—איך קאָן מיך שוין מער נישט פרייען,—האָט שירין געענט־פערט,—איך קאָן נישט שלאָפן, מיין געליבטער! דו לעבסט נאָך אויף אַן אמת, אָדער דאָס איז נאָר אַ חלום. אָ, סאַראַ שלעכ־טע מענטשן. אונזער גליק איז אויף אייביק פאַרשוואונדן. דו האָסט געזען עזריאלן? ער דערציילט אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן.

—וואָס?

—ווי צו מיר! זיי האָבן געוואָלט מיין בלוט. איך ווייס, אַז זיי דאָרשטן נאָך מיין בלוט.

—נאַרישקייט!

—נאַרישקייט. זאָגסטו? פרעג ביי עזריאלן, פרעג ביי איתמרן. און אָט אָ דאָס וואַרעם בלוט, וואָס פליצט נאָר צוליב דיר אין מיינע אָדערן, האָט יאַבאַסטער געוואָלט פאַרגיסן. ער האָט מיך שטענדיק פיינט געהאַט.

—יאַבאַסטער! שירין! גאָט פון מיינע עלטערן! צי דען האָט דערצו געדאַרפט קומען?—פאַרוואָס האָס אבידן, אַ פשוטער יונג, געדאַרפט זיין לעבן מציל זיין, און יאַבאַסטער, דידאָזיקע באַ־גייסטערטע נשמה, אַריינפאַלן! ווי צו מיר, איך לעב שוין צו לאַנג אויף דער וועלט...

—שווייג, אַלראַי,—האָט שירין געזאָגט.—איך בעט דיך, באַרואיק זיך. אויב דערדאָזיקער מענטש איז דיר נויטיק פאַר דיין גליק און קען נישט לעבן אין געהעריקן שלום מיט דער, וואָס שטייט דאָ פאַר דיר אויף די קני,—ווייס איך וואָס איך האָב צו טאָן.

אָ, איך וועל דיין גליק נישט צושטערן, כאָטש איך זאָל דאַרפן מיין האַרץ צוברעכן. איך וועל גיין און שטאַרבן, אויב דאָס איז נויטיק פאַר דיין גליק.

—אָ, שירין! —וואָס ווילסטו? —דאָס איז אַ פּיין...

—איך וויל דיך זען אַ גליקלעכן.

—מיין גליק איז ווען דיין גליק.

—זאָרג נישט פאַר מיר—איך בין גאָרנישט.

—ניין, שירין, זיי נישט ברוגז, איך בעט דיך, זאָג, וואָס פאַר־לאַנגסטו?

—זיין לעבן.

—וויי צו מיר!

—ער שטייט צווישן אונז און איז שטענדיק געשטאַנען צווישן אונז. כל זמן יאַבאַסטער לעבט, וועלן מיר נישט זיין גליקלעך.

—לאָמיר אים פאַרשיקן.

—ער וועט זיך ווידער פאַרבינדן מיט די מורדים. גיב מיר דיין רונג מיט דער חתימה. ווילסט נישט? נו, וועל איך אַליין נע־מען.

און שירין האָט גענומען דעם רונג, אַלראַי האָט זיך שוואַך אָפּגעוווערט. איצט האָט שירין געקענט אונטערחתמענען אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט. אין פאָלק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יאַבאַסטער האָט זיך אַליין דערוואָרגן.

# XXII

פון האַמאַדאַן איז געקומען אַ שליח, וואָס האָט געפאָדערט, מען זאָל אים צולאָזן צו אַלראַי. מ׳האָט אים אַריינגעפירט.

—איך האָף, אַז דו האָסט געבראַכט גוטע נייס,—האָט אַלראַי געזאָגט.

—איך בעט מיר מוחל זיין, מיין האַר, איך האָב געבראַכט זייער שלעכטע. אבער האָט מיך געשיקט מיט אַ באַפעל צו זען זיך מיטן קאַליף אַליין. ער האָט געהייסן איבערגעבן, אַז אין דער־זעלבער צייט, וואָס אויף די קאַווקאַזער בערג האָט מען אָנגעזונדן פייערן פון נייעם חודש, האָט דער שרעקלעכער קארעדמ־שאַך אלפּ ארסלאַן זיך אַריינגעריסן אין די גרענעצן פון אונ־זער מלוכה און איצט האָט ער גאַנץ פרס פאַרפלייצט מיט זיין חיל.

—און אבער וואָס טוט?—האָט אַלראַי געפרעגט.

—ער איז אויפן פראָנט. ער בעט הילף.

אַלפּ אַרסלאַן איז געווען אַ באַרימטער קריגער. דערפון וואָס דער אָנפאַל איז געשען אין דער צייט, ווען מ׳האָט אָנגעצונדן די פייערן, האָט אלראי פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט עפּיס קיין פלעצלעכער באַשלוס, נאָר אַ באַטראַכטער פּלאַן פון פריער. ער איז געווען אומרואיק.

דערווייל איז אַריין פאַרעס און געמאָלדן, אַז פון גרענעץ איז געקומען אַ צווייטער שליח, וועלכער פאָדערט אויך, מ׳זאָל אים אַריינלאָזן צום קאַליף. אַלראָי האָט געהייסן אַריינלאָזן אים.

—פון וואַנען ביזטו געשיקט?—האָט אַלראָי געפרעגט.

—פון מאָסול. דער גובערנאַטאָר האָט מיך געשיקט אָנזאָגן אייך, אַז אין דער צייט, ווען מ׳האָט אויף די בערג אָנגעצונדן די פייערן פון נייעם חודש, האָט אבידן אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד אין דער פּראָווינץ אונטער דער פאָן פון יהודה. ער גייט אויף באַגדאַד.

אַלראי האָט פאַרשטאַנען, אַז אבידן האָט אַ שייכות צו ארסלאַ־נען. ער האָט געשיקט נאָכן גרויסוויזיר כאָנאַין. נאָר איידער דער גרויסוויזיר איז נאָך געקומען, האָט מען געמאָלדן וועגן אַ דריטן שליח, וועלכער האָט געבראַכט אַ ידיעה פון מידדן, אַז דער רומער סולטאַן מיטן אַראַבישן קאַליף האָבן אויפגעזאַמלט אַ גרויס חיל און אונטער דער פאָן פון נביא מחמד גייען זיי אויף באַגדאַד.

אַלראי איז געווען זיכער, אַז די מרידה איז אַן אַלגעמיינע. ער האָט אין זיך דערפילט אַ מוט צו קעמפן מיט אַלע שונאים. ער האָט געהייסן תיכף אויפרופן אַלע וויזים אויף אַ באַראַטונג.

---

—איר זעט, מיינע הערן,—האָט אַלראַי געזאָגט, בשעת די באַ־ראַטונג האָט זיך געענדיקט,—מיר דאַרפן זיי אַטאַקירן איינציק־ווייז. אויב מיר וועלן זיי לאָזן פאַרייניקן זיך, וועט אונז אויס־קומען האָבן צו טאָן מיט אַ גרויסער מחנה. איך וועל גיין קיין פּרס, איתמר דאַרף זיך אַריינשניידן צווישן אבידנען און צווישן

סולטאַן, כדי נישט צוצולאָזן זיי צו פאַרייניקן זיך. מידד וועט גיין מיט איתמרן, שרירא וועט היטן די הויפשטאָט. דו, כּאָנאַין, וועסט זיין מיין שטעלפאַרטרעטער. אַ גוטע נאַכט. איך טרעט נאָך היינט אַרויס אין וועג. פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ, חברים.

די באַראַטונג האָט זיך געענדיקט. אַלראָי האָט געהייסן שריראַן פאַרבלייבן, און איז אַוועק באַגלייטן כּאָנאַין.
—ווי מיינסטו,—האָט ער געפרעגט ביי דעם גרויסוויזיר,—וואָס קאָן זיין?

כּאָנאַין האָט געענטפערט, ווי שטענדיק, נישט קלאָר:
—איך וואַרט אויף דאָס ערגסטע, נאָר איך האָף אויף דאָס בעס־טע.
—איך וויל ריידן מיט שריראַן. איך האָב אויף אים אַ חשד.

—איך בין זיכער, אַז ער איז אַ פאַררעטער,—האָט כּאָנאַין גע־ענטפערט.
—דעריבער שיק איך אים נישט אויפן פראָנט. זאָל ער זיין ווייטער פון זיינע אַמאָליקע חברים. ווי מיינסטו? בעסער לאָזן זיין חיל אַלס גאַרניזאָן אין באַגדאַד.
—מיין האַר, שרירא איז אַ מוטיקער פעלדהער, אָבער איך בעט דיך—גיב מיר דיין חתימה... ער טאָר נישט לעבן.

אַלראָי איז בלאַס געוואָרן.
—ניין, כּאָנאַין. מער גיב איך מיין חתימה נישט. איך האָב חרטה אויף דאָס ערשטע מאָל.

אַלראַי האָט זיך צוריקגעקערט צו שריראַן.
—דו זעסט, שרירא, סאַר אַ שטורם עס האָט זיך אָנגעהויבן. צום אומגליק, פעלט מיר איצט אַן אמתער געטרייער פריינט, וואָס זאָל אויף זיך נעמען אַלע מיינע זאָרגן. איך גיי קיין פּרס. וועגן אָפּטרעטן קאָן קיין רייד נישט זיין. נאָר מען ווייס נישט, וואָס עס קאָן טרעפן. לאָז איך דיך דאָ איבער, דו זאָלסט זיין אַלנפאַלס גרייט. דיין פּאָסט איז זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכער.

—מיין האַר,—האָט שרירא געענטפערט,—איך בין נישט פון די, וואָס קאָנען שיין ריידן און פאַרטויבן די אויערן מיט זייערע ווערטער וועגן זייער איבערגעגעבנקייט. נאָר דו מעגסט זיך אויף מיר פאַרלאָזן.

—איך ווייס דאָס, שרירא,—האָט אַלראי געזאָגט.—איך בין אין דעם זיכער. זאָג מיר, וואָס טראַכטסטו וועגן דעם אַלעם.

—דער פּלאַן פון שונא איז נישט שלעכט צוגעטראַכט, אָבער איך בין זיכער, אַז דו וועסט זיך אַן עצה געבן.

—ווי איז דער גייסטיקער צושטאַנד פונם חיל?

—אויסגעצייכנט. פּשוטע מענטשן, אָבער אונזער חוב קאָנען מיר שטענדיק דערפילן.

אַלראַי האָט געהייסן אַרויסגעבן די זעלנער מתנות, האָט איינגעלאַדן שריראן אויף אָוונטברויט און האָט אים אָפּגעלאָזט.

---

דער קאַליף האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין קאַבינעט. ער האָט אַלע באַדינער און די שרייבער אָפּגעשיקט און איז פאַרבליבן אַליין. ער האָט געוואָלט באַטראַכטן זיך, וואָס מיט אים טוט זיך. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אַמאָליקע צייטן, ווען ער אַליין איז געווען פריש און מונטער, און זיין געדאַנק האָט געאַרבעט שנעל און שאַרף, און אַרום אים האָבן זיך שטענדיק געפונען אַפילו באַגייסטערטע איבערגעגעבענע פריינט. איצט האָט ער געפילט אַרום זיך אַ פוסטקייט. נישטאָ די ברענענדיקע אויגן, די באַגייסטערטע געזיכטער, פלאַמענדיקע מיט נצחון, וואָס פלעגן זיך אַרום אים קלייבן ערב אַ שלאַכט. די, וואָס זיינען געבליבן, זיינען עפּיס ווי פאַרענדערט געוואָרן. אבידן, וועלכער איז איינער ווערט געווען וויפיל אַ גאַנץ פאָלק, איז נישטאָ. די נביאה אסתר—פאַרמשפּט. און ער, דער שטאַרקסטער, דער מעכטיקסטער, דער איבערגעגעבנסטער, דער איינציקער אמתער פריינט און ראַטגעבער—אויך נישטאָ שוין. אַלראי האָט זיך נישט געפילט ווי אַ העלד פאַרן שלאַכט, אַנטציקט פון דעם פאַרשטייענדיקן ניצחון, נאָר ווי אַ פאַרצווייפלטער, אַ פאַרמשפּטער אַפּטריניקער.

פלוצלונג האָט זיך אים אָפּגעדאַכט, אַז יאַבאַסטער שטייט פאַר אים, און אין דערזעלבער רגע האָט זיך איבערן פּאַלאַץ דער־הערט אַ שרעקלעכער דונער, באַגלייט מיט עפּיס אַ מאָדנעם קלאַנג, ווי אַ שאָרכען, וואָס האָט זיך געלאָזט הערן פון דעם פאַרביי־איקן צימער.

—ערדציטערניש!—האָט אַלראַי אויסגעשריען,—אָ, אַז די ערד וואָלט זיך געעפנט און אַלץ דערשלונגען.

פאַרעס איז אַריינגעלאָפן אַ בלאַסער און אַ דערשראָקענער. דער דונער האָט זיך איבערגעחזרט.

—מיין קעניג!—האָט פאַרעס אויסגעשריען.—דאָס איז אין געווער־שפּייכלער.

—לויף גיכער,—האָט אַלראַי באַפוילן,—גיב אַ קוק, וואָס איז דאָרטן. נאָר ניין. איך וויל אַליין נישט בלייבן. זאָג בניהו פון דער וואַך, ער זאָל לויפן אַ קוק טאָן.

אַלראַי האָט זיך אַ ציטערדיקער אַוועקגעלייגט אויף אַ דיוואַן, און פאַרעס איז געגאַנגען נאָך בניהו.

—קעניג!—האָט ער געבראַכט אַ ידיעה.—אַ שרעקלעכע געשעעניש. אַ דונער האָט געטראָפן אין פּאַלאַץ און די הייליקע פאָן איז געפאַלן און האָט זיך צושאָטן אויף טויזנט ברעקלעך. צוזאַמען מיט דעם איז פאַרפאַלן געוואָרן שלמהס סצעפּטער.

—קיין מענטש זאָל דערפון נישט וויסן!—האָט אַלראַי באַפוילן.—מען זאָל קיינעם נישט אַריינלאָזן אין שפּייכלער.

אַז אַלראַי איז געבליבן אַליין, איז ער געפאַלן אויף די קני און האָט מיט די הענט פאַרמאַכט די אויגן.

—אָ, גאָט, גאָט!—האָט ער זיך באַגאָסן מיט טרערן.—איך האָב דיך פאַרלאָזט, איצט פאַרלאָזטו מיך.

# XXIII

אויפן פערד, צווישן זיינע לעגיאָנען, פאַרשכּורט פון די פלאַ־מענדיקע פאָנען, פון דעם שאַלן פון די טרומייטן, פילנדיק זיין מאַכט איבער דער גאַנצער מיינגע באַוואָפנטע מענטשן, איז אַלראַי געקומען צו זיך און האָט זיך ווידער דערפילט מוב־טער. צוזאַמען דערמיט האָט זיך צו אים אומגעקערט די ענער־גיע, און די געפאַר, וואָס איז געהאָנגען איבער אים, האָט נאָר פאַרשאַרפט און פאַרשטאַרקט זיין שכל.

אין דער שפּיץ פון אַ פופציק טויזנטיקער מחנה איז ער מיט אַ שנעלן מאַרש אַוועק קיין מדי. אויפן צווייטן טאָג האָבן אים אין וועג אָנגעיאָגט שליחים פון אבנרן מיט דער ידיעה, אַז ער האָט פאַרלאָזט פרס, נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו שטעלן זיך אַנטקעגן דער גרויסער מאַכט פון קאַרעזמשאַך, און איז אָפּגעטראָטן קיין לוריסטאַן.

באַקומענדיק דידאָזיקע ידיעה, האָט אַלראַי אַוועקגעשיקט אַ שליח צו שריראַן, אָנזאָגן, ער זאָל פאַרלאָזן באַגדאַד און אַרויסגיין מיט זיין חיל קיין לוריסטאַן פאַרייניקן זיך מיט אבנרן.

ער איז אַריבער די קערונדער בערג און האָט זיך באַגעגנט מיט זיין דרייסיקטויזנטיקער אַרמיי, וועלכע ער האָט פאַרייניקט מיט זיינער. איין נאַכט זיינען זיי געשטאַנען, און אינדערפרי אַוועק צו דער גרענעץ פון פרס, אָנגעפאַלן אויף די פאָדער־שטע טיילן פון קאַרעזמשאַכס חיל און זיי געגויט אָפּצוטרעטן. אַלראַי האָט אָבער געזען, אַז די קרעפטן זיינען ביי קאַרעזמ־שאַך פיל גרעסער פאַר זיינע, און ער איז אַליין אָפּגעטראָטן צום טאָל נעכאַוועגדט. ער האָט געוואַרט אויף שריראס מחנה, וועלכע האָט געקאָנט יעדע רגע אָנקומען.
קאַרעזמשאַך, וועלכער איז געווען זיכער אין זיינע קרעפטן, האָט זיך געלאָזט נאָך אַלראַי קיין נעכאַוועגד. עס איז געווען קלאָר, אַז נישט שפּעטער, ווי אין אַ טאָג צוויי־דריי אַרום וועט פאָרקומען די שלאַכט, וועלכע וועט באַשטימען דעם גורל פונם מזרח.
אויף מאָרגן, נאָכן אָנקומען קיין נעכאַוועגד, האָט אַלראַי געמאַכט אַ שפּאַציר אין דער באַגלייטונג פון אַ קליינער אָפּטיילונג חיל. די קאַרעזמיער האָבן אים צוגעהיט און זיינען אים באַפאַלן. זייער צאָל האָט אַריבערגעשטייגט די צאָל פון די יידן. נאָר אַלראַי מיט זיינע מענטשן האָבן זיי דאָך צוטריבן. אָפּטרעטנדיק, האָט דער אָנפירער פון די קאַרעזמיער אַ וואָרף געטאָן זיין שפּיז אויף אַלראַי, און נאָר די זעלבסטאָפּפערונג פון אַ יונגן אָפיציר, וועלכער האָט אונטערגעשטעלט זיין ברוסט, האָט מציל געווען דעם קאַליף פון טויט־וואונד.
דעם פאַרבלוטיקטן אָפיציר האָט מען געבראַכט צו אַלראַין אין געצעלט און אַוועקגעלייגט אויף זיין געלעגער. מ׳האָט געשיקט רופן דעם פעלדדאָקטאָר, וועלכער האָט געפונען, אַז קיין רפואה וועט נישט העלפן. דער גוססער אָפיציר האָט פאַרשטאַנען זיין לאַגע און האָט נאָר געבעטן, אַלראַי זאָל נישט פאַרגעסן אָן זיין איינציקער שוועסטער.
—מיין קעניג! איך מוז דיר דערציילן עפּיס אַזוינס, וואָס איז נוגע דיר אַליין. דערלויב מיר ריידן.
—רייד, האָב נישט מורא.

—איך בין געשטאַנען אויף קאַראַול אין דעם טאָג, ווען יאַבאַס־טער איז געשטאָרבן.
אַלראַי איז אויפגעשפּרונגען:
—אָ, רייד, רייד, דערצייל אַלץ, איך הער!
—מ׳האָט דיר געזאָגט, אַז יאַבאַסטער האָט זיך אַליין דערוואָרגן? דאָס איז אָבער נישט ריכטיק. די קעניגין איז געקומען מיט דיין חתימה. נאָך איר איז געקומען כאַנאַין. איך האָב זיי גע־מוזט אַריינלאָזן. איך האָב פון דרויסן געהערט, ווי מ׳האָט הויך גערעדט. איך האָב געהערט יאַבאַסטערס קול. ער האָט זיך אָפּ־געווערט. יאָ, ער האָט געקעמפט, נאָר ער איז אָבער געווען געבונדן און דער געבונדענער העלד האָט זיך נישט לאַנג גע־קאָנט אָפּווערן. איך האָב גאָרנישט געקאָנט מאַכן. אַרויס צוריק פון דער תפיסה זיינען זיי, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן אַדורכ־גנבענען. פון דעמאָלט אָן קאָן איך נישט פאַרגעסן דידאָזיקע בלוטגיריקע פּנימער מיט די בליצנדיקע אויגן. פאַרן טויט מוז איך עס דיר דערציילן. איך מיין, אַז די וואָס האָבן אַזוי פאַר־רעטעריש אָפּגעטאָן דידאָזיקע אומרעכט, זיינען פעהיק אויף אַנדערע פאַרראַטן...
—דו האָסט ביי מיר אָפּגענומען מיין רו,—האָט אַלראַי געזאָגט אַ טרויריקער.
דער אָפיציר איז אויסגעגאַנגען. אַלראַי, אַ פאַרזונקענער אין שווע־רע געדאַנקען, האָט נאָך נישט באַוויזן אָפּצוטרעטן פון דעם בר־מינן, ווי ס׳האָבן זיך דערהערט טרומייטן, און אין געצעלט איז אַריין אַ סריס און אָנגעזאָגט, אַז די קעניגין שירין איז גע־קומען. גלייך נאָכן סריס איז שירין אַליין אַריין אין געצעלט. אַלראַי האָט פון זיך אַראָפּגעכאַפּט דעם מאַנטל און פאַרדעקט דעם טויטן.
—מיין טייערער, מיין פרייד,—איז שירין צוגעלאָפן צום קאַליף.— איך ווייס שוין אַלץ. זיי נישט אומרואיק פאַר מיר. איך האָב נישט מורא פאַר קיין טויטע. איך בין דאָך אַ פרוי פון אַ קריי־גער. איך בין געוואוינט צו בלוט.
—ווייי איז מיר!—האָט אַלראַי דערויף געענטפערט אַ טרויריקער.

—וואָס ביזטו אַזוי בלאַס? דו גיסט מיר אַפילו נישט קיין קוש? דו ציטערסט. אַך, דו גוט האַרץ. דער טויט פון איין געטרייען מענטשן האָט אינגאַנצן אַרויסגעטריבן פון דיין האַרצן דיין ליבע צו מיר. אָבער דאָס איז דאָך נאַריש. דו ביזט, אפּנים, גאָר נישט צופרידן, וואָס איך בין געקומען? אַפילו קיין שמייכל נישט?

זי איז צוגעגאַנגען און איז געפאַלן אַלראַין אויפן האַלז. ער האָט שוואַך געענטפערט אויף איר לאַשטשען זיך און אַוועקגעזעצט זי אויפן דיוואַן. ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט. עס זיינען אַריין צוויי זעלנער, און האָבן אַרויסגעטראָגן דעם בר־מינן.

—דערווייל בלייב דאָ אַליין,—האָט אַלראַי געזאָגט צו שירין,— איך וועל באַלד קומען.

און ער איז אַרויס פון געצעלט.

ער האָט זי פאַרלאָזט, נאָר איר אונטערגעגעבענער בליק, וועלכער איז פול געווען מיט ביטערער באַליידיקונג, האָט פאַרגיפטעט זיין האַרצן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן איר ליבע, צאַרטקייט, איר צויבערדיקע פּראַכט. ער האָט זיך דערמאָנט די פאַנטאַסטישע, האַלבלעגענדאַרע געשעענישן פון זייער לעבן, וועלכע האָבן זיי ביידן פאַרייניקט, און ער האָט דערפילט, אַז דאָס לעבן איז אים טייער נאָר צוליב איר, אַז אָן איר זיינען אים אַלע זיינע נצחונות און דערפאָלגן נישט ליב. און זיין נשמה האָט געפלאַטערט צווישן דעם קול פון שכל און צווישן דעם קול פון געפיל. און דאָס געפיל האָט געזיגט. ער האָט באַשטימט מיט איר נישט צו שיידן זיך, קיינמאָל נישט און פאַר קיין גליק נישט, און האָט זיך אומגעקערט אין געצעלט מיט אַזאַ ליבע צו איר, ווי פריער. ער האָט זי געפונען אַ וויינענדיקע און האָט זי צאַרט אַרומגענומען.

---

עס איז געווען האַלבע נאַכט. אַלראַי האָט נישט געקענט שלאָפן. ער איז אומרואיק געווען, צי וועט שרירא קומען באַצייטנס.

צי נישט. פלוצלונג האָט ער דערהערט, ווי מען שעפּטשעט זיך הינטערן געצעלט. ער האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַרויס.

דער קאַראַול האָט איבערגעגעבן, אַז עס איז אָנגעקומען אַ שליח פון שרירא. זיין מחנה איז אַריבער די קערונדער בערג און צומאָרגנס וועט ער אָנקומען מיט זיין חיל. אַלראַי האָט געשיקט נאָך אבנרן, און אַליין איז ער אַוועק איבערן לאַגער. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ גרופּע זעלנער.

—פריד צו אייך, קריגער,—האָט ער זיך צו זיי געווענדט:—איר זייט ווידער געקומען מלחמה האַלטן אונטער אַלראַיס פאָן אויף דעם פליין פון נעכאַוועגד. דאָ איז אַ פעטער באָדן און וועט נאָך פעטער ווערן, אָנגעטרונקען מיט קאַרעזמיער בלוט.

—זאָל גאָל באַשירמען אונזער קעניג!—האָבן די זעלנער געענט־פערט.

דערווייל איז מען געקומען אָנזאָגן, אַז אבנר איז געקומען.

—קינדער, איך דאַרף אייך פאַרלאָזן!—האָט אַלראַי געזאָגט,—נאָר מיר וועלן נאָך שמועסן נאָכן נצחון.

—זאָל גאָט באַשירמען אונזער קעניג!—האָבן די זעלנער געענט־פערט.

אַלראַי איז אַוועק. ער האָט געפילט, אַז דער גייסט פון די זעלנער, כאָטש זיי זיינען נישט אָראָפּגעפאַלן ביי זיך, איז דאָך נישט דאָס, וואָס אַמאָל. דאָס זיינען מענטשן, וואָס זיינען גרייט צו גיין נאָך זייער אָנפירער, וואָס פירט זיי צו — — ראַבירן, בשעת די אַמאָליקע קריגער, די יידישע לייט, פלעגן דעם שווערד אַרויסנעמען פון שייד זינגענדיק אַ מזמור פון תהלים. פאַרן שלאַכט האָט דאָס פעלד געהאַט אַ פּנים ווי איין גרויסע שול. אַלץ האָט זיך געענדערט, און ער אַליין—אויך.

—וואָס, אבנר,—האָט ער באַגעגנט דעם וויצעקעניג פון מדי,—דיין חיל איז גוט באַשיצט?

—אמת, אַז שרירא איז שוין נאָנט?—האָט אבנר געפרעגט.

—אמת. איך וואָלט וועלן, עס זאָל שוין אָנקומען דער פרימאָרגן.

—דער שונא דערנענט זיך. אייניקע מחנות קאָן מען שוין זען. מיינע מרגלים האָבן זיי גוט אויסגעזען. קענטיק, אַז זיי ווילן זיך אויסשטעלן אויפן פליין.
—מען קאָן זיי שוין זען?—האָט אַלראַי אויסגעשריען.—הייסט עס, אַז מען דאַרף זיי אַטאַקירן, איידער זיי וועלן זיך אויסשטעלן אין אָרדנונג. מיר וועלן זיי בייקומען. גאַנץ פרי זאָלן אונזערע דרייסיקטויזנט רייטער אָנפאַלן אויף זיי. איך וועל אָנפירן דעם רעכטן פליגן, עזריאל—דעם לינקן. טייערער אבנר, דאָס וועט זיין אַ שלאַכט!
—איך וועל שיקן אַ שליח צואיילן שריראַן.

# XXIV

װי נאָר עס איז טאָג געוואָרן, האָבן זיך די יידישע רייטער, אויסער דער גוואַרדיע אַוואָרף געטאָן אויף די פאָדערשטע טיילן פון דער קאַרעזמיער אַרמיי, האָט זיי צעמורשט און גע־בראַכט אין גרויס אומאָרדנונג. אַלפּ אַרסלאַן האָט אָנגעשטרייגגט די קרעפטן צונויפצוזאַמלען זיין חיל און לסוף האָט זיך עס אים איינגעגעבן. אין דערזעלבער צייט האָבן אַלראי און עזריאל אַריינגעפירט אין געשלעג זייערע מחנות, און דער געשלעג האָט זיך פאַרנומען איבערן גאַנצן פראָנט. אַפּולע שעהס האָט מען זיך געשלאָגן מיט גרויס פאַרביטערטקייט, אָבער ביידע פיינטלעכע אַרמייען האָבן זיך געהאַלטן פעסט. די קאַרעזמיער האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן. זיי זיינען אָבער געווען שטאַנדהאַפט און צאָלרייך. אין דעם טאָג האָט אַלראי באַוויזן גרעסערע גבורות, ווי פאַר זיין גאַנץ לעבן. צוועלף מאָל האָט ער אַטאַקירט דעם שונא אין דער שפּיץ פון זיין גוואַרדיע און עטלעכע מאָל האָט ער שוין דערגרייכט ביז אַלפּ אַרסלאַנס געצעלט.

אַרום פיר אַ זייגער נאָך האַלבן טאָג האָט אַלראַי זיך, סוף־כּל־סוף איבערגעצייגט, אַז אָן שריראַס הילף וועט ער בשום אופן נישטביישטיין אַנטקעגן דעם שונא, וואָס שטייגט אים אַריבער אין צאָל. ער האָט געמוזט אַריינפירן אין שלאַכט דעם גאַנצן רעזערוו זיינעם. דאָס האָט אָבער אויך נישט געהאָלפן. אַרסלאַן האָט געוואוסט, אַז די יידישע מחנה איז אינגאַנצן דאָ, און ער האָט מיט אַלערליי מיטלען געסטאַרעט זיך וואָס לייגנער פאַרציען דעם געשלעג, כּדי אָפּצושוואַכן איר קראַפט.

אַרום פינף נאָך האַלבן טאָג האָט אַלראַי, צו זיין גרויסער פרייד, דערזען פון ווייטן די פאָנען פון שריראַס חיל, וואָס דערנענט זיך. זיין פאַרצווייפלונג איז אָבער געווען גרויס אָן אַ שיעור, ווען ער האָט זיך גלייך דערוואוסט, אַז שרירא האָט זיך פאַרייניקט מיט אבידנען און זייער ביידנס חיל איז אָנגעפאַלן אויף דער יידישער מחנה פון הינטן. ס'איז געוואָרן קלאָר, אַז קיינע אָנגעשטריינגטע כּוחות וועלן שוין איצט נישט העלפן. אַלראַי איז געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים פון פאָרנט און פון הינטער. אַרסלאַן האָט פלוצלונג אַרויסגעלאָזט אין שלאַכט אַלע זיינע רעזערוון. אין אַ משך פון עטלעכע מינוט איז די יידישע מחנה צושטערט געוואָרן. די קריגער האָבן גענומען וואַרפן דאָס געווער פון האַנט. יעדער האָט געטראַכט נאָר וועגן זיך,—ווי צו ראַטן זיך. אַפילו אבנר איז אַנטלאָפן. עזריאל איז געפאַלן טויט. אַלראַי האָט געזען, אַז אַלץ איז פאַרלאָרן און האָט זיך מיט דרייהונדערט מאַן פון זיין גוואַרדיע אַוועקגעלאָזט צו זיין געצעלט, האָט געכאַפּט שירין, וועלכע איז געלעגן אַ געחלשטע, אויפן זאָטל צו זיך, האָט זיך דורכגעריסן דורכן שונא, און איז אַנטלאָפן אין דער וויסטעניש.

אַכטאונפערציק שעה איז אַלראַי מיט זיינע מענטשן געלאָפן און ערגעץ זיך נישט אָפּגעשטעלט. אַ דריטל פון זיינע מענטשן זיינען געבליבן אויפן וועג. אויפן דריטן טאָג אינדערפרי זיינען זיי אַראָפּ פון די פערד און האָבן עפּיס איבערגעביסן נעבן אַ קוואַל. נאָר אַ העלפט איז אימשטאַנד געווען ווידעראַמאָל זעצן זיך אויף די פערד. שירין האָט די גאַנצע צייט קיין וואָרט

נישט געזאָגט. ערשט אויפן פינפטן טאָג האָבן זיי אין אַ צאָל פון אַ מאַן פופציק דערגרייכט צום טייטלוואַלד נעבן דער חורבה־שטאָט. דאָ האָבן זיי זיך געשטעלט רוען. אַלראַי האָט שירינען פאָרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט פון פערד. אין שאָטן פון די ביימער איז זי אַ ביסל לעבעדיקער געוואָרן. זי האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט אויפגעגעסן עטלעכע טייטלען.

—באַלד וועלן זיך אונזערע צרות ענדיקן, מיין טייערע,—האָט ער צו איר שטיל געזאָגט.—איך האָב אַלץ פאַרלאָרן, נאָר דיך האָב איך נישט פאַרלאָרן.

מען האָט זיך אינגיכן ווידער געזעצט אויף די פערד. אין אָוונטצייט זיינען זיי אַריין אין דער חורבה־שטאָט, צו וועלכער אַלראַי האָט געשטרעבט. זיי זיינען דורכגעפאָרן די גרויסע גאַס און אַריין אין דעם אַלטן אַמפיטעאַטער. דאָ זיינען זיי אַראָפּ פון די פערד און אַלראַי האָט פון זיינע קליידער געמאַכט פאַר שירינען אַ געלעגער. אַלראַיס מענטשן האָבן אָנגעקליבן האָלץ, פאַנאַנדערגעלייגט פייערן, האָבן געפּאַנגען אַ אינדן און צוגעגרייט אָוונטברויט. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז דידאָזיקע מענטשן האָבן שטענדיק געלעבט אין דערדאָזיקער וויסטעניש, און זיי זיינען גאָר קיינמאָל נישט געווען קיין גלענצנדע גוואַרדיע פון אַ מעכטיקן מאָנאַרך.

—נישקשה, מיינע פריינט,—האָט אַלראַי צו זיי געזאָגט, רייבנדיק די הענט ביים פייער,—ווי די מעשה איז, אַלץ איז דאָך דאָ בעסער, איידער אין דער וויסטעניש.

נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז אויסגעקומען איבערצולעבן, איז אַלראַי שטאַרק איינגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין די זון געשטאַנען געגנוג הויך. שירין אָבער איז נאָך געשלאָפן. ער האָט זי פאָרזיכטיק אויפגעוועקט. זי האָט אויפּגעעפנט די אויגן און אַ שמייכל געטאָן.

—איצט ביזטו די פרוי פון אַ רויבער,—האָט ער געזאָגט לאַכנדיק.—געפעלט דיר עפּיס דער נייער אַרט לעבן?

—מיט דיר—אויסגעצייכנט!—האָט שירין געענטפערט.

אַלראַי איז אַוועק, האָט אויפגעוועקט בניהו, וועלכער האָט זיך

גלייך אַוועקגעשטעלט אַ מונטערער. צוזאַמען האָבן זיי אויסגעפּאָרשט די אַרומיקע גאַסן און חורבות, האָבן אויפגעזוכט אין זיי חורבות אַפּולע נויטיקע זאַכן, וואָס מען האָט דאָ דאָס ערשטע מאָל איבערגעלאָזט—כּלים פאַר וואַסער, מאטן און אַנדערע זאַכן. מען האָט פאַר שירינען אַוועקגעשטעלט אַ גערוימען געצעלט און אויסגעבעט אים מיט מאטן. די מענטשן זיינען פאַרטיילט געוואָרן אין גרופּעס מיט באַשטימטע באַשעפטיקונגען. איין גרופּע האָט אויף זיך גענומען די וואַך. אַ צווייטע—די יאַגד, כּדי עס זאָל זיין וואָס צו עסן, אַ דריטע—די ווירטשאַפט. די פערד האָט מען אַריינגעשטעלט אין אַ חורבה, און געפיטערט האָט זיי אַ באַזונדער גרופּע אויף אַ נאָענטן פיטעראָרט.

ווי נאָר מ'האָט זיך אַ ביסל איינגעאָרדנט, האָט אַלראַי אַרויסגעשיקט מענטשן דערוויסן זיך, וואָס טוט זיך אויף דער וועלט און דער עיקר פאַרבינדן זיך מיט איתמרן און מידדן, אויב ביי זיי זיינען נאָך פאַרבליבן מענטשן, מיט וועלכע מען קאָן אַרויסטרעטן אַנטקעגן אַ שונא.

דערווייל האָט מען צווישן די חורבות געלעבט גאַנץ פריילעך. די דאָזיקע מענטשן זיינען אַזוי צוגעבונדן געווען צו אַלראַי'ן, אַז זיי איז ליבער געווען מיט אים ליידן אַלערליי פּיינען, איידער פאַרלאָזן אים. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון דער האָפענונג, אַז עס וועלן נאָך קומען בעסערע צייטן. און הגם מען האָט געלעבט אין גרויס נויט, פלעגן דאָך אין אָוונט, ווען אַלע פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן ביים אַלגעמיינעם אָוונטברויט, נישט פעלן קיין פריילעכע געזיכטער.

אַזוי איז אַריבער אַ וואָך צוויי און מיט דער אויסערער וועלט זיינען קיין פאַרבינדונגען נישט געווען. נאָכדעם האָבן זיך באַוויזן צווישן די חורבות פיר פערזאָן, וואָס האָבן אַלראַין מיט זייער קומען גאָר קיין פרייד נישט פאַרשאַפט, הגם ער האָט זיין אומצופרידנהייט פון זיי פאַרהוילן. דאָס זיינען געווען קיסלאָך מיט דריי אַלטע חברים זיינע פון אַמאָליקער שריראס באַנדע.

---

—איידעלער אַטאַמאַן,—האָט קיסלאָך געזאָגט,—מיר האָפן, אַז דו וועסט אונז דערלויבן פאַרבלייבן מיט דיינע מענטשן. נישט דאָס ערשטע מאָל זיינען מיר דאָ אונטער דיין אָנפירונג. אַלטע חברים, מיר זיינען צוזאַמען געווען אין פרייד און אין לייד. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, וואו מיר קאָנען אייך געפינען, הגם דאָרט מיינען אַלע, אַז דו ביסט געפאַלן אין שלאַכט.

—אָנגענעמע געסט,—האָט אַלראַי געענטפערט,—אמת, מיר האָבן צוזאַמען איבערגעלעבט אי פרייד אי לייד. איך האָף, אַז מיר וועלן נאָך דערלעבן בעסערע צייטן. מיינען דאָרט אַלע, אַז איך בין געפאַלן אין שלאַכט?—דאָס איז גוט.

—אַזוי זאָגן אַלע,—האָט קיסלאָך פאַרזיכערט.

—און וואָס פאַר ידיעות האָסטו וועגן אונזערע פריינט?—האָט אַלראַי געפרעגט.

—נישט זייער קיין גוטע, דערפאַר אָבער וואונדערלעכע.

—וועלכע?

—האַמאַדאַן איז אין די הענט פון שונא.

—דאָס האָב איך אַליין פאַרשטאַנען. ווייטער?

—דער אַלטער בוסתנאי און די פירשטין מרים זיינען געפאַנגע־נע אָפּגעפירט אין באַגדאַד. איך האָף אָבער, אַז קיין בייז וועט מיט זיי נישט געשען. כאַנאַין איז זייער געאַכט ביי די זיגער, וועט ער זיי שוין מסתמא קאָנען באַשיצן.

—אַזוי גאָר!—האָט אַלראַי אויסגעשריען.

—יאָ, כאַנאַין האָט אויסגעאַרבעט די תנאים, אויף וועלכע די שטאָט האָט זיך אונטערגעגעבן.

—נו, מילא,—האָט אַלראַי געזאָגט,—אויב ער וועט מציל זיין מיין שוועסטער פון טויט, טאָ זאָל ער זיך זיין געאַכט ביי די זי־גער. וואו איז אבנר?

—טויט.

—אין שלאַכט געפאַלן?

—יאָ.

—ווייסטו עס אויף געוויס?

—מיר האָבן זיך געשלאָגן האַנט ביי האַנט. איך האָב אַליין מיט

די אייגענע אויגן געזען.

—איך בין זייער צופרידן, וואָס ער איז נישט געפאַנגען. וואו זיינען מידד און איתמר?

—אַנטלאָפן קיין מצרים.

—האָבן מיר גאָרנישט, פון וואַנען צו וואַרטן אויף הילף?

—נאָר פון דעם חיל, וואָס דאָ מיט דיר.

---

הגם אַלראי איז נישט זייער צופרידן געווען פון קיסלאָכן מיט זיינע חברים, פונדעסטוועגן האָט ער זיך גיך אַרומגעזען, אַז זיי זיינען אים זייער נוצלעך. זיי האָבן אויסגעצייכנט גוט געוואוסט אַלע ערטער אַרום. צו דעם לעבן אין דער וויסטעניש זיינען זיי געווען געוויינט און דעריבער זיינען זיי שטענדיק געווען פריילעך און מיט זייער פריילעכקייט געמונטערט דעם איבעריקן עולם. אַלראי אַליין האָט געטראַכט וועגן אַנטלויפן קיין מצרים. ער האָט באַשלאָסן ביי דער ערשטער מעגלעכקייט קריגן קעמלען, פאַנאַנדערלאָזן די מענטשן, וואָס מיט אים, לאָזן בעבן זיך נאָר בניהו און נאָך אַ פּאָר נענטערע מענטשן, איבערטאָן זיך פאַר סוחרים און דורך סוריא און פּאַלעסטינע דורכרייסן זיך מיט שירינען קיין מצרים. מחמת דידאָזיקע פּלענער, האָט אים די לאַגע זיינע פון טאָג צו טאָג אויסגעוויזן אַלץ בעסער און פולער מיט האָפענונג. ביי אים זיינען פאַרבליבן עטלעכע גרויסע קאָסטבאַרקייטן און ער איז זיכער געווען, אַז פאַר דאָס געלט, וואָס ער וועט דערפאַר באַקומען אין קאַאיר, וועט ער זיך קענען איינאָרדנען אויפן בעסטן אופן. ער האָט מיט פאַרגעניגן געטראַכט וועגן אַ רואיק לעבן ערגעץ אין אַ שטיל ווינקעלע צוזאַמען מיט זיין געליבטער פרוי.

איינמאָל אין אָוונט האָבן זיי זיך צוריקגעקערט פון אָאַזיס. אַלראי האָט קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פון דער אַנטציקטער שירין.

—אַזוי וועלן מיר פאָרן איבער דעם מדבר,—האָט זי געזאָגט.—

דאָס איז דאָך גאָרנישט שווער, מיין טייערער.

—וואו מ׳האָט זיך ליב, דאָרט איז קיין זאַך נישט שווער,—האָט אַלראַי געענטפערט.

—און מיר זיינען געבוירן פאַר ליבע, נישט פאַר ממשלה,—האָט שירין צוגעגעבן.

—דאָס, וואָס געווען—איז אַ חלום,—האָט אַלראַי געזאָגט,—דאָס פיל איך איצט. מיר האָבן דען ווירקלעך אַמאָל געלעבט ערגעץ אַנדערש, ווי אין דער וויסטעניש? מיר האָבן דען אַמאָל געגעסן עפּעס אַנדערש, אויסער טייטלען? מיר דאַכט זיך, אַז דאָס אַלץ איז גאַנץ נאַטירלעך. ווען איך וואָלט נישט זוכן קיין גרעסערע זיכערקייט אין ווייטע לענדער, וואָלט איך מיר דאָ פאַרבליבן אויף שטענדיק אַ פרייער און אַ גליקלעכער באַנדיט. ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דאָ געפונען שיראַן, בין איך מיט שרעק אַנטלאָפן פון דאַנען. איצט וואָלט איך אַליין געוואָלט דאָ זיין דער יורש זיינער. נישטאָ וועגן וואָס צו טראַכטן.

די נאַכט איז געווען אַ שיינע, די לופט—אַ וואַרימע און אַ ווייכע. שירין האָט אַ קוק געטאָן אויפן הימל, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט שטערן.

—מיר האָבן גאָר פון אַזאַ הימל נישט געוואוסט, ווען מיר זיינען געווען אין באַגדאַד!—האָט זי אויסגעשריען.—וואָס איז ווערט דער גלאַנץ פון אונזערע פּאַלאַצן אַנטקעגן דעמדאָזיקן בילד! מיר דאַכט זיך, אַלראַי, אַז באַלד וועלן מיר אָנהויבן קוקן אויף אונזער פאַרגאַנגען לעבן, ווי אויף אַ פרעמדס און אַ נידעריקס. ווען דאָ וואָלט עס געווען מצרים! דאָס איז מיין איינציקער פאַרלאַנג.

—וואָס וועט באַלד מקוים ווערן,—האָט אַלראַי געזאָגט.—נאָך עטלעכע טעג וועט זיך שירין אויף איר קעמל לאָזן אין וועג אַריין. איך האָב נאָר מורא, אַז דו וועסט זיין אַ שלעכטע רייזנדערין.

—אָ, ניין, איך פאַרזיכער דיך, איך וועל אייך אַלעמען פאַרשעמען.

זינט דער לעצטער מפּלה אין שלאַכטפעלד, איז אַלראַי נאָך

קיינמאָל אַזוי פרייליך נישט געווען, ווי אין דעמדאָזיקן אָוונט. מ׳האָט זיך שפּעט געלייגט שלאָפן און יעדער איז געגאַנגען אויף זיין געלעגער אַ צופרידענער.

אין עטלעכע שעה אַרום, פאַרטאָג, האָט זיך אַלראַי אויפגעכאַפּט פון אַ שטאַרקן קלאַפּ אין ברוסט. ער האָט אַ ציטער געטאָן. אויף דער ברוסט איז ביי אים געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיטן קני אַ שרעקלעכער זעלנער. אַלראַי האָט אים געוואָלט אַראָפּ־שליידערן, אָבער די הענט זיינען ביי אים שוין געווען געבונ־דענע. ער האָט געוואָלט שטעלן זיך, אָבער די פיס זיינען גע־ווען געפּענטעטע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, זען, צי איז שי־רין דאָ. ער האָט זי אַ רוף געטאָן, נאָר ער האָט געהערט איר געשריי פון ווייטן. דער אַמפיטעאַטער איז געווען פול געפּאַקט מיט קאַרעזמיער זעלנער. אַלראַי מיט זיינע מענטשן זיינען פלוצ־לונג באַפאַלן געוואָרן. אויף דער וואַך זיינען יענע נאַכט גע־שטאַנען קיסלאָך מיט זיינע חברים. מ׳האָט אַלראַין אויפגעהויבן פון דער ערד, אַרויפגעלייגט אויף אַ קעמל און גיכער אַרויס־געפירט פון אַמפיטעאַטר. אַרום און אַרום איז געווען אַ בהלה און אַ שרעק. פון צאָרן און פון יאוש האָט אַלראַי קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסריידן. דער קעמל איז אַר״יס אין דער וויס־טעניש. דאָ האָט אים אַרומגערינגלט אַ מחנה רייטער. מ׳האָט זיך איילנדיק אַוועקגעלאָזט אין וועג.

וויפיל צייט ער האָט פאַרבראַכט אין וועג, האָט אַלראַי נישט געוואוסט. די טעג און די נעכט זיינען פאַר אים געווען גלייך. די פרישע לופט און די גרינס האָט אים לסוף אויפגעוועקט פון דער אַפּאַטיע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די וויסטעניש איז גע־בליבן פון הינטן. פאַר אים איז געלעגן אַ גרויסער טייך. ער האָט געבעטן ביי דעם נאָענטסטן רייטער אַ ביסל וואַסער. יענער האָט אים דערלאַנגט אַ פייכטע הובקע, מיט וועלכער ער האָט קוים געקענט באַנעצן די ליפּן. נאָכדעם איז זי ביי אים אַרויס־געפאַלן פון די הענט. דער קאַרעזמיער האָט אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ.

איבער טייך האָט מען אים אַריבערגעפירט אין אַ פאַרמאַכט שיפל. דאָס שיפל אין צוגעשטאַנען צו אַ דערפל. מ׳האָט אַלראין אַוועקגעזעצט אויף אַז אייזל מיטן פנים צום עק. קינדער האָבן אויף אים געוואָרפן בלאָטע. אַלטע פרויען האָבן אים באַגלייט מיט קללות. און אַזויאַרום איז אַלראי אויפן פערצנטן טאָג אָנ־געקומען קיין באַגדאַד.

# XXV

דעם געוועזענעם הערשער פון אַזיע האָט מען אַרײַנגעוואָרפן אין אַ פינסטערן קאַזעמאַט פון באַגדאַדער פעסטונג. אַלראַי האָט נישט געזיפצט, נישט געוויינט, נישט געקלאָגט זיך. ער האָט נישט גערעדט, אַפילו נישט געטראַכט. עטלעכע טעג איז ער געווען ווי אַ פאַרגליווערטער, און ערשט אויפן פערטן טאָג האָט ער עפּיס פאַרזוכט פון דעם מיטאָג, וואָס מ׳האָט אים געבראַכט.

ביסלעכווייז האָבן אין זיין מוח דערוואַכט די בילדער פון אַמאָל, נאָר אומזיסט האָט ער געפּרובט אַריינקוקן אין דער פינסטער־ניש, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט. דער געדאַנק, אַז אפשר האָט מען אים געשיינקט דאָס לעבן מיט דעם אכזרישן ציל, איבערצולאָזן אים פוילן דאָ אין דער שרעקלעכער גרוב, האָט אין אים אַרויסגערופן גרימצאָרן. ער איז געווען גרייט צופלעטן זיך דעם קאָפּ אָן די שלעסער אויף די הענט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער פייכטער ערד, און זיין פאַלן האָט

אַרויסגערופן אַ בהלה אין די טויזנטער מיאוסע שרצים אַרום אים. עס האָט זיך דערהערט אַ צישן פון שלאַנגען, אַ שאָרכן פון עקדישן און אַ געלאַף פון טשורעס. מיט געפיל פון שרעקלעכן עקל האָט ער זיך צוריק אַ שטעל געטאָן אויף די פיס, און האָט נישט געוואַגט מער צו טאָן זיך אַ ריר, מחמת מורא, טאָמער וועט ער ווייטער אָנטרעטן אויף עפּיס מיאוסע ברואים. ער איז אָבער צופיל געווען אויסגעמאַטערט, און האָט לאַנג נישט געקאָנט בלייבן שטייענדיק, און ער האָט זיך געלאָזט צו דער וואַנט, וואו עס איז אין פעלז אויסגעהאַקט געווען אַ באַנק. דידאָזיקע דערנידערונג האָט אים פאַרביטערט ביז גאָר און אַ געשריי פון פאַרצווייפלונג האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין האַרצן. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז קיינער הערט אים נישט, אַז ער איז אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, און ער האָט פאַרבראָכן די הענט אין יאוש.

עס איז אָנגעשטאַנען דער זיבעטער פרימאָרגן. אין דער געווייגלעכער שעה איז אַריין דער שומר פון תּפיסה, האָט אַריינגעשטעקט אַ פּאַקעל אין לאָך פון דער וואַנט און געמאָלדן, אַז הינטערן טיר וואַרט אַ פּערזאָן, וואָס האָט באַקומען די דערלויבניש צו זען זיך מיט דעם פאַרזעצטן. דאָס זיינען געווען די ערשטע קלאַנגען פון אַ מענטשלעכער שטים, וואָס אַלראַי האָט געהערט פאַר דער גאַנצער צייט אין תּפיסה. ער האָט אַ ציטער געטאָן, געוואָלט עפּיס ענטפערן, אָבער די ליפּן האָבן זיך אָפּגעוויינט צון ריידן. ער האָט געקוקט אויף דער קראַטע מיט גרויס אומרואיקייט און מיט אַ מאָדנער בייגעריקייט. ער האָט געציטערט פון קאָפּ ביז די פיס. און ס'איז אַריין אַ מענטש פאַרוויקלט איינגאַנצן אין שוואַרצן. דער שומר איז אַוועק. דער געקומענער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שוואַרצע דעקע, און דאָס איז געווען כאָנאַין.

—ליבער אַלראַי!—האָט געזאָגט יאַבאַסטערס ברודער און איז צוגעגאַנגען און האָט אַלראַין געדריקט צו זיין ברוסט.

דער געפיל פון גאוה, און אפשר פון נישט באַוואוסטזיניקער האָפענונג האָבן געגוויט אַלראַין זיך אַליין גובר צו זיין.

—איך בין צופרידן,— האָט ער געזאָגט,—וואָס כאָטש דו, כאָנאַין, ביזט אויסער געפאַר.
—איך וועל אויך זיין צופרידן, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען מיין זיכערהייט וועט ברייננען אויכעט צו דיינער.
—דו רעדסט מיר נאָך וועגן האָפענונג,—האָט אַלראי געזאָגט.

—נאָר נאַראָנים גיבן זיך איבער דער פאַרצווייפלונג.
—אָ, כאָנאַין, בעסער וואָלטן מיר זיך גאָר מער נישט באַגעגנט. וואָס מאַכט שירין?
—זי טראַכט וועגן דיר,—האָט כאָנאַין געענטפערט.
—וואו איז מרים?
—אויף דער פרייהייט.
—כאָנאַין, דאָס איז דיר צו פאַרדאַנקען. זיי צו איר אויפמערקזאַם. מער ווי דו ביזט ביי איר נישט געבליבן.
—לעב, וועסטו אַליין זי קענען באַשיצן,—האָט כאָנאַין געזאָגט.

—דאָס איז דען מעגלעך?—האָט אַלראי אויסגעשריען.—ווי אַזוי? אונטערקויפן די שומרים? טויטן זיי? מען קאָן דען?
—באַרואיק זיך, מיין פריינט,—האָט כאָנאַין געזאָגט,—מען דאַרף נישט אונטערקויפן, מען דאַרף נישט קיין בלוט פאַרגיסן. מען דאַרף נאָר שליסן אַן אָפמאַך.
—אַן אָפמאַך?—האָט אַלראי ווידער אויסגעשריען.—אַן אָפמאַך האָט געקאָנט געשלאָסן ווערן אויף דעם פליין פון נעכאַווענדא, אָבער נישט דאָ אין תפיסה, מיט אַ פאַרמשפטן געפאַנגענעם.
—פאַרוואָס אַ פאַרמשפטן?
—וואָס איז דען? אַרסלאַן איז אַזוי הויכמוטיק?
—ער איז אַ ווילדע חיה, ווילדער ווי אַ ווילדער חזיר, וואָס שאַרפט זיינע ציין אין די וועלדער.
—וועגן וואָסערע זשע האָפענונגען רעדסטו?
—נישט וועגן האָפענונגען—וועגןווירקלעכקייט.
—אָ, כאָנאַין,—האָט אַלראי געזאָגט,—מיין גייסט איז אָפגעשוואַכט געוואָרן. איך קאָן אָבער איבערלעבן אויך דאָס אומגעוויינלעכע.

דו קאָנסט מיט מיר ריידן אָפן, נישט מיט אַרומיקע וועגן. איך בעט דיך, זאָג אַלץ, וואָס דו ווייסט.
אָבער כאַנאַין האָט נישט אַלץ געזאָגט גלייך, וואָס ער האָט גע־וואוסט. ער האָט אים דערציילט, אַז אויף מאָרגן איז שוין גרייט געווען פאַר אַלראַין די שטראָף—אויף אַ פלאָקן.
—אַך,—האָט אַלראַי אין שרעק אויסגעשריען.
—יאָ,—האָט כאַנאַין געזאָגט,—צוקוקן דאָס אַליין איז שוין אַ טויטשטראָף. איז פאַר דיר אָט דידאָזיקע שטראָף אויף מאָרגן שוין גרייט געווען. און וואָס איז שייך שירינען—איז צו איר באַציט מען זיך מיט רחמנות. זי איז דעם קאַליפס טאָכטער. איר לעבן האָט זיך געזאָלט ענדיקן אונטער דער האַק. דער תליון וואָלט נישט שווער געדאַרפט אַרבעטן איבער איר צאַרטן האַלז. און דיין שוועסטער מרים—זי איז אַ מכשפה, אַ יידישע מכשפה. זי האָט מען גערעכנט פאַרברענען אויף אַ פייער לע־בעדיקערהייט.
—פאַרשאָלטענע בלוטגיריקע טייוואָלים!—האָט אַלראַי געשריען.—בשעת איך האָב געהאַט די מאַכט, האָב איך אַלעמען געשוינט... אַלעמען, אויסער... אוי, וויי צו מיר, צוליב וואָס בין איך גע־בוירן אויף דער וועלט!
—דו פאַרגעסט,—האָט אים כאַנאַין איבערגעריסן,—איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דאָס אַלץ האָט געזאָלט זיין. איך האָב מיך אַריינגעמישט און האָב איבערגערעדט מיט דעם זיגער. איך האָב פאָרגעלייגט תנאים...
—וואָס פאַר תנאים?—האָט אַלראַי געפרעגט,—אין וואָס קענען זיי באַשטיין?
—לייכטע,—האָט כאַנאַין געענטפערט.—פאַר אַזאַ פילאָזאָף ווי אַל־ראַי, איז דאָס נאָר אַ פוסטע פאָרמאַליטעט.
—קירצער, כאַנאַין, איך בעט דיך, קירצער.
און כאַנאַין האָט אַלראַין דערקלערט אין אַן אויספירלעכער רעדע, ווי די געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז געוואָרן נישט שטאַנדהאַפט, זינט אַלראַי איז אַרויסגעטראָטן מיט זיינע גבורות. קיינער ווייס נישט צו וואָס צוצושטיין, אין וואָס צו גלויבן. מען האָט אָנ־

געהויבן מסופק ווערן אין אמונה, מען האָט גענומען אָפּלייקע־נען די מאַכט פון מלכים. ביי אַזאַ צושטאַנד איז שווער איינ־צושטעלן אַ פעסטע און אַ זיכערע מלוכה־אָרדנונג. די זיגער וואָלטן וועלן דערווייזן, אַז אַלראיס דערפאָלג שטאַמט פון איבערנאַטיר־לעכע כּוחות, דעמאָלט אָבער וואָלטן זיי דאָך אַליין דערמיט באַשטעטיקט, אַז ער איז אַ משיח. אויסערדעם, איז דאָ פאַר־מישט דער נאָמען פון דעם קאַליפס טאָכטער, וועלכע זיי וואָלט זיך זייער וועלן ריינוואַשן. דעריבער דאַרף מען דאָ אויסזוכן אַזאַ מיטל, אַז די חרפּה פון די מוסולמענער זאָל אויף אייביק אָפּגעוואַשן ווערן, און די געזעלשאַפטלעכע מיינונג זאָל באַרו־איקט ווערן.

—דערדאָזיקער מיטל באַשטייט אין פאָלגנדן,—האָט כאַנאַין אויס־געפירט.—מאָרגן צו מיטאָגצייט וועט מען דיך רופן צו אַרסלאַ־נען. דאָרט פאַר דאָס גאַנצע פאָלק אין די אויגן וועט מען דיך באַשולדיקן אין כּישוף־מאַכעריי און אין באַציאונגען מיט שדים. דו וועסט זיך מוזן אָנדערקענען פאַר שולדיק אין דעם.

—ווייטער, וואָס ווייטער,—האָט אַלראי געטריבן אין אומגעדולט.

—אַ קלייניקייט,—האָט כאַנאַין געזאָגט,—מען וועט דיך נאָכאַמאָל אויספאָרשן וועגן שירינען. דיר וועט נישט זיין שווער מודה זיין זיך, אַז דו האָסט זי כּלומרשט צוגעבונדן צו זיך מיט כּישוף, וועלכן דו מאַכסט איצט בטל.

—יאָ, יאָ,—און דאָס גאָר?

—דאָס איז דער עיקר. און נאָכדעם קאָנסטו זיך ווענדן צו עט־לעכע געפאַנגענע יידן דאָ גופא און אָפּלייקענען, אַז דו ביזט אַ משיח פון גאָט און אַזוי ווייטער. דאָס דאַרף מען, כּדי ביים פאָלק זאָל שוין מער נישט זיין קיין ספק.

—נו, און נאָכדעם?

—מער גאָרנישט. דאָס איז אַלץ נאָר לפּנים. ווען דו וועסט אַלץ דערפילן, וועט מען דיך אָפּשיקן, אין וואָסער לאַנד דו ווילסט, מיט געלט, וויפיל דו ווילסט. און מער גאָרנישט. נאָר ווען

איך וואָלט זיין אויף דיין אָרט—און דאָס דערוואַרט מען פון דיר—יאָ,—ווען איך וואָלט זיין אויף דיין אָרט, וואָלט איך מיך שוין פאַר איין גאַנג אָפּגעזאָגט פון אונזער אמונה און וואָלט געמאַכט אַן אָנשטעל, כלומרשט איך גלויב אין מחמדן.

—אָט וואוהין דו צילסט!—האָט אַלראַי אויסגעשריען.—אָט דאָס איז דיין פרייהייט? אַוועק פון מיר! קיינמאָל נישט, קיינמאָל נישט! זאָל מען מיך אַפילו אייביק פייניקן אין יסורים, וועל איך דאָך פאָרט מיט פאַראַכטונג אָפּוואַרפן אַזעלכע באַדינגונגען דיינע! אָ, כאָנאַין, כאָנאַין! צו וואָס נאָר האָט דער גורל אונז צונויפגעפירט! זיי קאָנען זאָגן, וואָס זיי ווילן, נאָר איך בין אַ משיח פון גאָט. אַלס אַ משיח האָב איך געזאָלט לעבן, און אַזוי וועל איך שטאַרבן.

—און מרים!—האָט כאָנאַין געפרעגט.

—גאָט וועט איר נישט פאַרלאָזן. זי האָט אים אויך נישט פאַרלאָזט.

—און שירין?

—אָ, צוליב איר דוקא דאַרף איך שטאַרבן, ווי אַ העלד. זאָלן מענטשן נישט זאָגן, אַז זי האָט ליב געהאַט אַ נידעריקן קנעכט, אַ מיאוסן אָפּטריניקן, אַ פשוטן מכשף. ניין, בשום אופן נישט! יאָ, צוליב איר אַליין. ווי אַ זון בין איך אויפגעגאַנגען, און ווי די זון וועל איך פאַרגיין. די וועלט האָט זיך נאָך נישט אָפּ־געקילט פון מיין העלן רום, און די לעצטע שעה וועט מיט חרפה נישט פאַרדעקן מיין מיטן־טאָג.

כאָנאַין האָט גענומען דעם פאַקעל און איז צו צו דער קראַטע. זי איז נישט געווען פאַרשלאָסן. ער האָט זי לאַנגזאַם אויפגע־עפנט און אַריינגעלאָזט אַ פאַרוויקלטע פרויענפיגור. די פרוי האָט זיך דערנאָענט און געפאַלן צו אַלראַיס פיס. עלאַסטישע ליפּן האָבן זיך צוגערירט צו זיין האַנט. ער איז אָפּגעשפּרונגען אויף הינטער און זיינע קייטן האָבן אַ קלונג געטאָן.

—אַלראַי!—האָט צאַרט אויסגעשעפּטשעט די פרוי אויף די קני.

—ס'איז אוממעגלעך, אוממעגלעך!—האָט אַלראַי אויסגעשריען,—

דאָס איז שירין? שירין?
—דאָס בין איך די אומגליקלעכע, וועלכע איז דיין פרוי.
אַלראַי איז געווען שרעקלעך צוטראָגן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז אויסערן זינען.
—באַרואיק זיך, איך בעט דיך,—האָט כאָנאַין געזאָגט, אַרויפלייגנ־דיק די האַנט צו אים אויפן אַקסל.—דאָס ריידן מיט דיר אי־בערגעגעבענע פריינט, וואָס ווילן רואיקרהייט מיט דיר מיישב זיין זיך, ווי צו מאַכן דיך ווידער גליקלעך.
—גליקלעך! דו לאַכסט פון מיר!—האָט אַלראַי אויסגעשריען.

—באַרואיק זיך, מיין האַר,—האָט כאָנאַין ווידער גערעדט.—אַזעל־כע געשעענישן, ווי די, וואָס האָבן מיט דיר פּאַסירט, זיינען נאָר אַ פּראָבע פאַר הויכע נשמות, צו לייטערן זייערן קראַפט. כל־זמן מיר לעבן, איז נאָך אונזער קערפּער דער טעמפּל, וואו אונזער נשמה קאָן שאַפן געטלעכע וואונדער. שטאַרק זשע זיך, גרויסער אַלראַי, דערמאָן זיך, אַז אַלצאיינס, צי אַ קאַליף, צי אַ געפאַנגענער—קיין גלייכער צו דיר איז אויף דער וועלט נישטאָ. ווי זשע זאָל זיך אַזעלכער ווי דו אונטערגעבן אָן קאַמף? איך בין אויך אַ נביא, און איך פיל, אַז דו וועסט נאָך זיגן.

—טאָ גיב מיר מיין סצעפּטער. אָ, איך רייד נישט צו יענעם ברודער... נישט דו, נישט דו האָסט מיר דעם סצעפּטער גע־געבן.
—זע דידאָזיקע גרויסע פּרינצעסין, וואָס נעבן דיר—האָט זי דען ווייניקער פאַר דיר געליטן? פונדעסטוועגן איז איר גייסט שטאַרק, איר ווילן—נישט געבראָכן. הער אויס איר עצה—זי גייט פון טיפן האַרצן.
—אַלראַי!—באַרואיק זיך, איך בעט דיך!—האָט שירין אויסגע־שריען.—צוליב מיר זיי רואיק. צוליב דיר היט איך מיין רואי־קייט. דו האָסט געהערט, וואָס כאָנאַין האָט דיר געזאָגט. ער איז אַ חכם. דאָ האַנדלט זיך נאָר אום אַ וואָרט. מער נישט ווי אַ פּוסטע פאָרמאַליטעט. רייד זשע אויס דאָסדאָזיקע וואָרט און

זיי פריי. און זאָלן די שיינע לעבנסוועגן פון שירין און אַלראי זיך ווידער צונויפגיסן אינאיינעם. דו האָסט פאַרגעסן, ווי ליב איך האָב דיך, און איצט, ווען דו ביזט אין קייטן געשמידט— נאָך מער ווי אַמאָל, ווען דיינע פינגער זיינען געווען אין ברי־ליאַנטענע רינגען.

שירינס ווערטער האָבן דערוויכּערט אַלראיס האַרץ. ער האָט זיך אַליין פאַרוואונדערט, וואָס טרערן האָבן זיך נאָך באַוויזן אין זיינע אויגן. ער האָט נישט גערעכנט, אַז ער איז נאָך אומשטאַנד צו וויינען.

—ווייין, וויין, האַלט נישט איין די טרערן,—האָט שירין געבעטן,— לאָז מיר נאָר מיט מיינע קושן אָפּווישן זיי. דידאָזיקע תּפיסה דאַכט זיך מיר איז אונזער ליכטיקער קיאָסק. איך ווייס נישט, צי אַ שטראַל פון דער זון, צי דיין שמייכל באַשיינען דידאָזיקע ווענט.

—איך האָב געשמייכלט?—האָט אַלראי געפרעגט.—ס׳גלויבט זיך נישט.

—יאָ, יאָ,—האָט שירין אויסגעשריען.—זע, ער שמייכלט ווידער. וואָרום די פרייהייט איז נאָענט. די צרות—פאַרשוואונדן. מאָרגן זיינען מיר פריי, מאָרגן.

—מאָרגן? צי דען אַזוי נאָענט שוין דער טאָג פון נסיון?—האָט דער געשמידטער אַלראי אויסגעשריען, ענדערנדיק זיך אין גע־זיכט.

ער האָט כּמעט ווי אָפּגעשטויסן שירינען פון זיך. ער האָט פלוצלונג דערזען פאַר זיך אַ געשטאַלט אין די שאָטנס פון קאַ־זעמאַט, און ער האָט די אויגן נישט געקענט אָפּווענדן.

—אַך, ווער ביזטו, דער, וואָס באַווייזט זיך פאַר מיר דאָ?—האָט ער גערעדט ווי פון היץ.—שרעקלעכער, מעכטיקער גייסט, דו ביזט געקומען ראַטעווען מיך פון אייביקער שאַנד. דריק מיך צו צו דיין ברוסט. זי איז דאָך נישט צושטאָכן. זיי האָבן דאָך דיך נישט געשטאָכן. דו דערווייסט מיך אַ שמועסנדיקן מיט דיינע מערדער. אָבער איך בין פאָרט נישט שולדיק אין דיין טויט. פרעג זיי, אָט זיינען זיי, זאָלן זיי עדות זאָגן, אַז איך

בין ריין. זיי ווילן מיין נשמה פאַרשוואַרצן, ווי זייערע. אָבער דאָס וועט נישט געשען!

שירין איז, אַ דערשראָקענע, אַנטלאָפן און באַהאַלטן זיך הינטער כאָנאַינען.

—איך וועל עס נישט אויסהאַלטן,—האָט זי געשעפטשעט.—איך ווער משוגע.

כאָנאַין האָט זיך צוגעריכט צו אַלראיס אַקסל, כדי צוצוציען אויף זיך זיין אויפמערקזאַמקייט. דער געפאַנגענער פירשט האָט אַ ציטער געטאָן און אומגעקערט זיך און דערזען כאָנאַינען און אויסגעשריען:

—אַוועק, ברודערמערדער!

שירין האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס אַלראי רעדט. כאָנאַין האָט זי געשלעפּט אַוועקצוגיין.

—אָט אַזוי, גאָרנישט נישט דערגרייכנדיק? פּחדן!—האָט זי געשריען אויף כאָנאַינען.—איך וועל מיט אים אַליין ריידן. אַלראי!—האָט זי צאַרט אַ רוף געטאָן.

—וואָס, די פוקס איז אַוועק און געלאָזט די טיגערין! אַזוי? נאָר אומשולדיקע ווערן פאַרפאָלגט, און קיין אמת איז נישטאָ אויף דער וועלט? איך בין אומשולדיק, איך האָב דיך נישט געשטיקט, יאַבאַסטער! ריכטיק האָט יענער אָפיציר געזאָגט: היט זיך, די, וואָס האָבן דאָס געטאָן, זיינען פעהיק אויף נאָך ערגערס. אָט זיינען זיי גרייט אויף זייער מיאוסן טאַט. דו האָסט נאָר מיטן קערפּער געליטן, ביי מיר ווילן זיי טויטן דעם קערפּער און די נשמה.

שירין האָט אַ געשריי געטאָן, און זי וואָלט געפאַלן, ווען נישט כאָנאַין וואָלט צוגעלאָפן און אונטערגעכאַפּט זי און אַרויסגעטראָגן פון קעלער.

## XXVI

ווען האַמאַדאַן איז געפאַלן האָט מען דעם אַלטן בוסתנאַי און מרימען גענומען געפאַנגען און אָפּגעפירט קיין באַגדאַד. אַ דאַנק כאָנאַינס מי, איז מען זיך מיט זיי באַגאַנגען פיל בעסער, ווי מיט אַנדערע געפאַנגענע. דאָך האָט מען זיי געהאַלטן פאַרשפאַרטע אין פעסטונג, אין ערגעץ נישט אַרויסגעלאָזט. מרים האָט נישט געקאָנט פועלן, מען זאָל זי צולאָזן זען זיך מיטן ברודער. דער איינציקער מענטש, צו וועלכן זי האָט זיך געקאָנט ווענדן נאָך הילף, איז געווען כאָנאַין. ער האָט איר אָבער שטענדיק געזאָגט, אַז דאָס איז אוממעגלעך. ערשט נאָך דעם וויזיט, וואָס ער האָט געהאַט ביי אַלראַי, האָט ער איר אין פאָרזיכטיקע ווערטער געמאָלדן וועגן דעם גורל, וואָס דערוואַרט אַלראַין, און געזאָגט, אַז מען האָט איר דערלויבט זען זיך מיטן ברודער. דערביי האָט ער איר באַקאַנט געמאַכט מיט די באַדינגונגען, ביי וועלכע די געפאַר קאָן באַזייטיקט ווערן. מרים האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט שווייגנדיק. און ביי גאָר זיין שכל

האָט כאַנאַין דאָך נישט געקענט וויסן מרימס מיינונג וועגן דעם. זיי האָבן זיך געזעגנט. כאַנאַין איז געווען זיכער, אַז ס'וועט זיין גוט.

---

אַלראַין האָט מען פריער געמאָלדן, אַז מרים קומט זיך זען מיט אים. ער האָט זי באַגעגנט שטייענדיק און מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. זיין געזיכט איז געווען באַלויכטן מיט דעם שיין פון פּאַקעל. מרים האָט זיך נישט געקענט גובר זיין. זי איז אים געפאַלן אויפן האַלז און צוגעדריקט צו דער ברוסט.

—אָ, מיין טייערע, מיין ליבע,—האָט אַלראַי געזאָגט,—אַזאַ באַ־געגעניש.

אָבער די שוועסטער האָט נישט געקענט ריידן, זי האָט אָנגע־שטריינגט די כּוחות נישט פאַנאַנדערצעוויינען זיך.

—מוטיק דיך, שוועסטער, שטאַרק דיך. איך זאָג דיך באמת,—איך בין גליקלעך.

—זאָג נאָכאַמאָל, דוד, דידאָזיקע ווערטער,—האָט מרים געבעטן,—לאָמיך נאָכאַמאָל הערן דידאָזיקע ווערטער פון טרייסט.

—זיי זיכער אין דעם, מיין שוועסטער, איך האָב עס געזאָגט פון גאַנצן האַרצן, נישט נאָר כּדי צו טרייסטן דיך. וואָרום איך ווייס, גאָט האָט מיר מיינע זינד פאַרגעבן.

ער האָט זיך אָנגעבויגן צו איר און האָט איר אַ קוש געטאָן.

—פאַרבלייב דאָ מער נישט,—האָט ער געזאָגט שעפּטשענדיק,—גיי אַוועק. לאָמיר זיך בעסער צושיידן איצט, ווען אונזער גייסט איז מוטיק.

מרים האָט פאַרבראָכן די הענט.

—מיר וועלן זיך נישט שיידן,—האָט זי אויסגעשריען,—איך וועל שטאַרבן צוזאַמען מיט דיר.

—מיין טייערע,—האָט אַלראַי זי ווייך געבעטן,—באַרואיק זיך.—נעם ביי מיר נישט אָפּ מיין מוט. גיי בעסער אַוועק.

—און דיך איבערלאָזן? דאָ איבערלאָזן? אָך... דוד, דו האָסט גערעדט מיט... מיט כאַנאַינען?

—רייד נישט,—האָט אַלראי געזאָגט,—פאַרשוועך נישט דיינע ליפּן מיט דעמדאָזיקן פאַרשאָלטענעם נאָמען.

---

אויפן שוועל פון איר תפיסה האָבן מרימען באַגעגנט צוויי אַמאָ־ליקע אירע דינסטן, וועלכע זיינען פרייוויליק נאָך איר אַוועק אין פעסטונג. זי האָט געשוויגן, איז געווען אַ בלאַסע און אַ קאַלטע, ווי אייז. די דינסטן האָבן איר צוגעפירט צו אַ דיוואַן, און זי האָט זיך אויף אים מאַשינעל אַוועקגעזעצט, אַ גלייכגיל־טיקע צו אַלץ אַרום זיך. אירע ליפּן האָבן געציטערט. די אויגן האָבן ציללאָז געקוקט צו דער ערד צו, און די הענט זיינען ווי אָפּגעשטאָרבענע געהאַנגען. אַ פולע שעה נאָכאַנאַנד איז זי פאַרבליבן אין דערדאָזיקער לאַגע, און די דינסטן, וואָס האָבן פון איר די גאַנצע צייט קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט, האָבן אומזיסט געזוכט אויף איר געזיכט סימנים פון צוריקגעקערטן באַוואוסטזיין.

פּלוצלונג האָט זי דערהערט אַ טרומייטערן.

—וואָס איז דאָס? האָט מרים אויסגעשריען מיט אַ שאַרפן קול.

די מיידלעך האָבן נישט געענטפערט: זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָס פירט מען אַלראין צום טויט.

מרים איז געבליבן ווי אַ פאַרגליווערטע. נאָך אַ מאָל האָט זיך געלאָזט הערן דאָס שאַלן פון טרומייט, און גלייך נאָכדעם אַ הויכער טומל פון אַן עולם. מרים האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ—און איז אויסגעגאַנגען.

# XXVII

פ ונקט אין אַ וואָך נאָכדעם, ווי שירין מיט כאָנאַינען האָבן באַזוכט דעם קאַזעמאַט, האָט מען אַלראין און פופציק יידן פון זיינע מיטהעלפער אַרויסגעפירט פון די פינסטערע אונטער־ערדישע קעלערס און געבראַכט אויפן פלאַץ פאַר דער הויפט־מעטשעט פון באַגדאַד. דער גרויסער פלאַץ איז געווען באַלאַגערט פון מענטשן אָן אַ צאָל, וואָס די נייגעריקייט האָט זיי פאַרזאַמלט אַהער, צו זען, ווי מען וועט משפטן און פייניקן דעם מענטשן, וואָס איז נאָך אַקאָרשט נישט לאַנג געווען זייער הערשער. אין מיטן פלאַץ, אין צענטער פון אַ גרויסן קרייז, וואָס איז געווען באַוואַכט פון אַ שטאַרקער אָפּטיילונג חיל, האָט זיך געהויבן אַ פיינער טראָן, און אויף אים איז געזעסן אַלפּ אַרסלאַן. צופוסנס דעם טראָן איז געשטאַנען די קעניגלעכע סוויטע, די עלטסטע מולעס און עטלעכע חשובע איינוואוינער פון באַגדאַד. אָן אַ זייט, אַרום אָנגעשלאָגענע אין דער ערד זייער הויכע, דינע און שאַרפע פלעקער, איז געשטאַנען אַן אָפּטיילונג

מיאוסע, אין ווייסן אָנגעטאָנענע נעגערס—סריסים, באַוואָפנטע מיט פאַרשידענע אינסטרומענטן צום פייניקן.
מ׳האָט אָנגעהויבן שלאָגן אין די פויקן און די אויסרופער האָבן אָנגעזאָגט דעם פאָלק, אַז דער קעניג וועט עפּיס זאָגן. דער גרויסער טומל פון עולם איז תּיכּף שטיל געוואָרן. דער באַ־וועגלעכער ים פון קעפּ איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן, און אין דער געוואָרענער טויטער שטילקייט האָט הויך אויף דעם גאַנצן פּלאַץ זיך דערהערט דעם שאַכס שטאַרקע שטים.
דער שאַך האָט פאָרגעלייענט אַלראַין אַ גאַנצן צעטל פון זינד. ער האָט אים באַשולדיקט אין דעם, וואָס ער האָט געלעסטערט גאָט און מחמד דעם נביא, וואָס ער האָט זיך פאַרבונדן מיט שדים און איז געוואָרן אַ מכשף, און וואָס ער האָט דורך זיין כּישוף אומגעבראַכט אַפולע מענטשן, און, דער עיקר, אַראָפּגע־פירט פון וועג די טאָכטער פון קאַליף. ער האָט דערקלערט, וואָס פאַר אַ שטראָף עס קומט אים פאַר די אַלע פאַרברעכנס, און פאָרגעלייגט מודה זיין זיך אין זיינע שולדן.
נאָר אַלראַי האָט מיט אַ פעסטער שטימע אָפּגעלייקנט די אַלע באַשולדיקונגען. ער האָט באַשטעטיקט, אַז אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער געטאָן אין נאָמען פון גאָט, דעם גאָט פון זיינע עלטערן; אַז ער האָט מיט שדים און מיט כּישוף גאָר נישט געהאַט צו טאָן, ווייל גאָט אַליין איז געווען מיט אים, אַז דעם קאַליפס טאָכטער האָט ער פון וועג נישט אַראָפּגעפירט, נאָר זי אַליין מיטן גוטן ווילן איז געוואָרן זיין פרוי.
—גלויב מיר,—האָט ער געזאָגט,—אַז איך האָב איר האַרץ באַ־צוואונגען מיט אַזעלכע מיטלען, וואָס פּאַסן פאַר אַ קריגער און פאַר אַ קעניג. געדיינק, אַז איך בין נישט אַלע מאָל געווען אַזעלכער ווי איצט. עס איז געווען אַזאַ טאָג, ווען די שאָל פון גליק האָט אַראָפּגעוואויגן אויף מיין זייט, און ווען נישט עטלעכע פאַררעטער, וועלכע איך זע דאָ שטיין, וואָלטן אפשר איצט אונזערע ראָליעס געווען פאַרקערטע. ווען איך וואָלט מנצח געווען, וואָלט איך מער רחמים געלייגט.
האַרעזמשאַך איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. ער האָט דריי מאָל

אַ טאָפּע געטאָן מיט די פיס און אויסגעשריען:

—איך שווער ביי מיין באָרד, איר האָט מיך גענאַרט. דערדזיקער הונט האָט זיך דאָך אין גאָרנישט נישט מודה געווען.

דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען דער עלטסטער פון די ריכֿטער און האָט עפּיס אָנגעשעפּטשעט דעם שאַך אויפן אויער. נאָכֿדעם האָט ער איבערגעלייענט די פאַרשריבענע עדות, וואָס שירין האָט געזאָגט: שירין האָט פאַרזיכֿערט, אַז אַלראַי האָט אונטער די זאַכֿן אויף דער ברוסט געטראָגן אַ קמיע, וואָס ער האָט באַקומען פון שטן און געהאַט אַזאַ מאַכֿט, אַז די פרוי, וועלכֿע ער האָט איינמאָל צוגעדריקט צו זיין ברוסט, האָט שוין אויף אַלע מאָל פאַרלאָרן די מאַכֿט איבער זיך אַליין. דאָסזעלבע איז אויך מיט איר געשען.

—אַזוי איז פאַרשריבן?—האָט אַלראַי געפרעגט.

—אַזוי,—האָט דער שופט געענטפערט.—און זי אַליין האָט זיך אונטערגעחתמעט.

—דאָס איז אַ געפעלשטע שריפט,—האָט אַלראַי געזאָגט.

קאַרעזמשאַך האָט אַ שפּרונג געטאָן, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן.

—טויטן דאַרף מען דעמדאָזיקן הונט אויפן אָרט!—האָט ער געשריען.—גרייט צו די פלעקער!

אַ ציטער איז דורכֿגעלאָפן איבערן עולם. צו אַלראַי איז צוגעגאַנגען אַ קנעכֿט און האָט אים דערלאַנגט אַ מגילה. אַלראַי האָט דערקענט כֿאָנאַינס קנעכֿט. די מגילה איז געווען פון כֿאָנאַיגען. ער האָט געשריבן, אַז דער פאָרשלאָג, וואָס ער האָט אים געמאַכֿט אין דער תפיסה, איז נאָך איצט אויך גילטיק, אַז עס איז נאָך נישט שפּעט צו רעטן זיך פון טויט. אויב ער איז מסכים—זאָל ער זיך מודה זיין, און טאָן אַלץ, ווי מען פאָדערט פון אים, און אויב נישט, זאָל ער צורייסן די מגילה און אַוועקוואַרפן. אַלראַי האָט די מגילה צוריסן אויף טויזנטער פיצלעך און האָט זי אַוועקגעוואָרפן. דער ווינט האָט זיי אונטערגעהויבן און צוטראָגן אין אַלע זייטן. דערווייל האָבן די סריסים

געמאַכט די הכנות צו דער פייניקונג.

—די עקשנות פון דעמדאָזיקן הונט ברייגגט מיך אַרויס פון די כלים!—האָט אַלפ אַרסלאַן געזאָגט צו זיינע לייט.—איידער ער וועט שטאַרבן, וויל איך אַליין מיט אים ריידן.

מ׳האָט אָנגעהויבן פויקן און ס׳איז געוואָרן שטיל. אַרסלאַן איז אַראָפּ צו אַלראַי און האָט געזאָגט:

—דו זעסט, הונט, וואָס מען גרייט דאָ פאַר דיר? צי ווייסטו, וואָס עס וואַרט אויף דיר אין דער אונטערערדישער מלוכה פונם שטן? איז דען פאַר דיר נישט גלייכער, דו זאָלסט ווערן מיינער אַ משרת און דערלאַנגען מיר די שיך, איידער זיין אַרויפגעזעצט אויפן פלאָקן?

—גרויסמוטיקער אַרסלאַן,—האָט אַלראַי געענטפערט מיט אַ נישט באַהאַלטענער פאַראַכטונג.—צי דען טראַכסטו, אַז עס קאָן זיין אַ שטאַרקערע פייניקונג, איידער דער געדאַנק, אַז איך בין באַזיגט דורך דיר?

—איך שווער זיך ביי דער באָרד, ער לאַכט פון מיר!—האָט קאַרעזמשאַך אויסגעשריען.—ער מאַכט מיך צו גאָרנישט. אָ, איך וויל מיט אים נאָך ריידן. איר זעט, אַז ער לאַכט אַפילו פון דער פייניקונג.

ער איז צוגעלאָפן צו אַלראַין:

—מכשף! עזותדיקער מכשף! נידעריקער זון פון אַ נידעריקער מוטער! הונט פון הינט! דו האָסט פאַר אונז קיין מורא נישט? דער שטן, צו וועלכן דו האָסט זיך פאַרקויפט, שעפּטשעט דיר נאָך אָן האָפענונגען? דו לאַכסט פון אונזערע פייניקונגען? צי ווייסטו זיך אויפהויבן אין דערלופטן? דו וועסט אַריין אין דער ערד? אָט אַזוי גאָר?—

ער איז פלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן, ווערגנדיק זיך מיט כעס, אין וועלכן ער האָט אויף זיך געגומען רייסן די האָר פון באָרד מיט די וואָרצלען און שרעקלעך טופּען מיט די פיס.

—דו ביזט קליגער פאַר דיינע ראַטגעבער, אַרסלאַן,—האָט אַלראַי געזאָגט,—איך האָב טאַקע פאַר דיר קיין מורא נישט. הגם מיין

האַר איז נישט דער שטן, נאָר ער האָט מיך נישט פאַרלאָזט.!
איך לאַך פון דיין שטראָף. איך וועל אַוועק אין דער ערד
און וועל מיך אַרויפהויבן אין דער לופט. דו ביזט באַפרידיקט?
—באַפרידיקט!—האָט אויסגעשריען דער צערייצטער אַרכלאַן.—
איך שווער ביי מיין באָרד! זאָל דער שטן דיך מצל זיין, אויב
ער קאָן!
און שנעל ווי אַ בליץ האָט ער אַ פאָך געטאָן מיט זיין שווערד
און אָפגעהאַקט אַלראַין דעם קאָפּ.